פאַרן אָנדענק

מיט ווײ און ווייטיק דערמאָן איך
מיינע טאַטע־מאַמע אברהם און
יִסְכָּה; שוועסטערן — פייגע און
ליבע; שוואָגער׳ס — ישראל־יצחק
און דער יונגער ייד פון געטאָ־לאָדזש
וועמענס נאָמען איך ווייס אפילו
נישט; זייערע קינדער געבוירן אין די
געטאָס פון אָזאָרקאָוו און לאָדזש;
רחל און מענדל — פאַרלוירן אויף
פרעמדער ערד; דעם זיידן ר׳
סענדער וואַלדמאַן; די באָבע הענדל
געלבאַרט: אַלע פון מיין משפחה;
אַלע פון מיין שטעטל אָזאָרקאָוו;
נאָענטע פריינד איבער דעם יידישן
פוילן, און פאַרפאַלן־געוואָרענע
איבער אַלע נע־ונדן —
פון 1939 ביז 1946.

זיי אַלעמען — אַ נשמה־ליכט.

מ. וואַלדמאַן

# פון אלע ווײַטן

הקדמה — דב סדן



ה. לייוויק - פארלאג

פון יידישן ליטעראַטן־ און זשורנאַליסטן־פאַריין אין ישראל

תש"מ — 1980

מ. וואַלדמאַן ● פון אַלע ווייטן
לידער־אָפּקלייב 1928 — 1979

ה. לייוויק־פאַרלאַג — תל־אביב
רחוב דב הוז 30 — ישראל

●

הילע:

בילדער־רעפּראָדוקציע — אַ. קאַלניק

אותיות — יצחק רייזמאַן

פּאָרטרעט פון מחבר:

מיכאַל מילבערגער

M. WALDMAN
De tous les lointains
Poèmes
Paris - 1980

דאָס בוך איז געדרוקט אין 650 עקזעמפּלאַרן,
אויף פּאַפּיר אָפסעט אָפנאָר
נומערירט פון 1 ביז 100.



אַרויסגעגעבן מיט דער הילף פון קרן תל־אביב לספרות ולאמנות
אליעזר פּינעס־פאָנד פאַר קולטור און ליטעראַטור — תל־אביב

## צווישן פרימאָרגן און פרימאָרגן

□

### א

וועגן דיכטער משה וואַלדמאַן האָב איך מיך צומערשט דערוווסט מיט אַ קאַרגע פערציק יאָר צוריק, אין געשטאַלט פון אַ העפטל לידער וואָס זיין נאָמען: „פאַרטונקלטע פרימאָרגנס", האָט אויסגעדריקט נישט בלויז די כלל־וועלט און כלל־שטימונג פון אים אַליין, נאָר אויך פון נישט ווייניקע ווי ער, יענע יוגנטלעכע יידן אין יענע טעג, וואָס שטייענדיק אויפן שוועל פון זייער שאַפונג, ליד און דיכטונג, האָבן זיי פאַרשטאַנען, אַז אין פלוג איז עס דער פרימאָרגן פון זייער לעבן, אָבער ממשדיק באַטראַכט, איז עס אַ מין פרימאָרגן, וואָס פאַרמאָגט נישט קיין שטערן פלימער פאַר זיין כבי־כול־אויפלויכט, און בעצם שטעקט ער אין אַ טונקלעניש, וואָס ווערט אַלץ דיקער, נאָך דעם עס האָט זיך איבער אים צעלייגט דער שאָטן פון דער הי־דרע, וואָס איז אַפירגעשאָסן פון האַרצן פון אייראָפּע און זיך צעלייגט אַרום־און־אַרום, און גלות־פּוילן האָט געצאַפּלט צווישן נבוזראדן, וואָס האָט זיך פון דרויסן געגרייט צו באַהערשן אַלץ אַרום זיך און צווישן זיינסגלייכן וואָס האָבן אין זיין גייסט, געשאַלטעוועט אינעווייניק. דער רושם פון נאָמען פונעם ביכל האָט זיך נאָך מער געשטאַרקט מכוח זיין היל, געצייכנט פון מאָלער י. טינאָוויצקי: אַ טאָוול אויף בלאָלעך־טונקלען פאָן; אין אייבערשטן עק — דער נאָמען פון דיכטער; אין אונטערשטן עק — דער נאָמען פון ביכל; אין דער מיט — עפּעס ווי אַ קליין שטעטל און זיינע עטלעכע אָרע־

מע הייזקעס, אויבן אַ בוים, וואָס דאַרף אים באַשיצן, אָבער דער הויכער שטאָם בייגט זיך מחמת אַ פּאַטשעגדיקן שטורעם־ווינט, פּונקט ווי זיינע צווייג־שפּיצן בויגן זיך מחמת דעם געדראַנג פון כמאַרעס. דער רושם־גע־מיש פון נאָמען און בילד האָט זיך נאָך באַשטאַרקט מיטן לייענען פון אַנהויב ליד, וואָס הייסט: „אונדזערע טעג״ און לאָזט אונדז הערן (און זען אין פּאַנעטישן אויסלייג):

שטום,
גרויע ליכט רינט איבער מיין פּאָנעם
מיינע אויערן זוכן דעם שאָרך פון אַ באַהאַלטן מעסער
וואָס זוכט אומעטום — מיין קאָפּ,
וואָס זוכט אומעטום — מיין לעבן.
היינטיקע נאַכט
ווער וועט ווידער קומען פון אַ שוואַרצן העק?
שטום,
עמעץ גייט!
עמעץ גייט!
און ווער וועט בלייבן?!

מען דאַרף נישט לאַנג ברייען, כדי מפרש צו זיין די פּאָר ווערטער, וואָס זענען אַ מיעוט המחזיק את המרובה, און ווייזן אָן דעם תהום, פאַר וועלכן עס שטייט דער דיכטער אין זיין אָרום, אויפן שוועל פון זיין דיכ־טונג און איר שעה. ווי ווייט דער קוק זיינער האָט געגרייכט, לאָזט זיך אָפּלערנען פון אַן אַנדער ליד, ווו עס הייסט:

כ׳האָב היינט דערבליקט דעם שוואַרצסטן טעהאָם —
קאָשמאַר רייסט אויף מיינע אויגן מיט שרעק.
— וויפל זייט איר דאָרט געווען? —
צעריסענע — מיט אינגעווייד אַרויס;
צעשפּאָלטענע — מיט טריפנדיקן מאַרך,
וואָס רינט
אויף אויגן פון אייער ווייב,
פון אייער קינד. —
וואָס ווערן שטום,

וואָס ווערן בלינד.
וויפל זענט איר דאָרט געווען,
מיט אָפּגעביסענע, בלוטנדיקע אייוורים,
מיט אייטערנדיקע אויגן־לעכער,
וואָס וויינען אויס דעם שוואַרצסטן טעהאָם,
וואָס וויינען אויס דעם פּיין פון דאָר —
וויפל זענט איר דאָרט געווען?

## ב

די דאָזיקע צוויי לידער, וואָס ענלעכע צו זיי געפינען זיך נאָך ווייטער אין בוך, האָבן מיך אויפמערקיק געמאַכט אויפן דיכטער, וואָס איך האָב וועגן אים גאָרנישט געוווסט, אַזוי ווייט אַז איך וואָלט מיך געווען געוווּנדערט וואָס ער האָט מיר זיין בוך געשיקט, ווען איך זאָל נישט געווען אָנגענומען, אַז ער האָט, מסתמא געהערט פון יידישע דיכטער אין זיין סביבה, יונגע ווי ער, וואָס איך האָב מיך מיט זיי אינטערעסירט און אויף זיי דריי־פאַכיק אויפמערקיק געמאַכט דעם העברעאישן לייענער־עולם, בעיקר די לייענער פון „דבר". ערשטנס — זייענדיק דער ליטעראַטור־רעדאַקטער פון דער צייטונג, פלעג איך דאָרט מודיע זיין וועגן אַנדערע ליטעראַטור־שאַפונגען אין די גלותן, בעיקר אין גרעסטן פון זיי, גלות פוילן, און ווייל דער רוב ספרים, וואָס זענען דאָרט אַרויס, זענען געווען יידיש, זענען אויך רוב ידיעות געווען וועגן זיי. צווייטנס — מחמת די היגע, העברעאישע פּרעסע, האָט זיך גאָר וויניק פאַרשפּרייט אין חוץ־לארץ, פלעג איך אויסשניידן אַ יעדע ידיעה, וואָס איז דערשינען אין „דבר" און אין די איבעריקע היגע בלעטער, סיי אַ קורצינקע, אַ כראָניקאַלישע, סיי אַ לענגערע, אַן איבערזעץ אָדער אַ קריטיק, און זיי אַריינשיקן צו יעדן מחבר, און אַזוי ווי אַ קול האָט אַ טבע אַרויסצורופן אַ ווידער־קול, האָבן די מחברים אָפּגעענטפערט מיט אַ דאַנק, און אַזוי־אַרום האָט זיך צווישן די מחברים און מיר אַנטוויקלט אַ לייטישער בריוו־אויסטויש, און איך האָב שוין שטיפעריש באַמערקט, אַז ווען מען וואָלט די אַלע אויסשניטן, וועלכע איך האָב געשיקט צו די מחברים, פריער קיין פוילן און שפּעטער איןביידע אַמעריקעס,

אויסגעלייגט אין דער לענג, — וואָלטן זיי אַרומגענומען די לבנה, — און נישט אומזיסט פלעגט דער אַדמיניסטראַטאָר פון „דבר“ מיך באַווייזן, אַז איך מאַך אים בדלות די קאַסע. דריטנס — אין די יאָרן פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה האָב איך מיר פירגענומען צו פאַרשטאַרקן דעם אויפמערק פון לייענער עולם לגבי די ליטעראַרישע שאַפונגען פון די יידישדיכטער, בעיקר פון פוילן, און „דבר“ האָט באַשטימט אַ רובריק, ווו עס האָבן זיך געדרוקט מיַינע לידער־איבערזעצן פון די נייע לידער־ביכער, באַזונדערס לידער, וואָס האָבן אָפּגעשפּיגלט די יידישע ווערקלעכקייט אין פוילן, לויטן איבערלעבעניש פון אירע דיכטער. דערפאַר, ווען עס האָט מיר דערגרייכט משה וואַלדמאַנס בוך, האָב איך איבערגעזעצט צוויי לידער און האָב זיי פאַרעפנטלעכט אין יענער רובריק. איין ליד האָט נישט געהאַט קיין נאָמען, נאָר דריי שטערן און איך האָב עס אָנגערופן לויט זיין ערשטער שורה („הייליקע פון אַלע צייטן“), דאָס אַנדערע ליד האָט געהאַט אַ נאָמען („ווו זאָל איך גיין“). מיט אַ סך יאָרן שפּעטער האָב איך אין „מאזנים“ (תמוז תשל״ו) געלאָזט גייעןביידע לידער, סיי אין מחברס אָריגינאַל, סיי אין מיין איבערזעץ. די כוונה מיינע איז געווען אָנצווייזן דעם העברעאישן לייענער, וואָס איז געווען דער גרונט־קוק פון דעם דיכטער־אָנהויבער — דער ייאוש פון זיין באַשטאַנד, וואָס דער טויט און זיין אימה לאָקערן אויף זיין לעבן און זיין דופק, ווי עס באַווייזט די אַסאָציאַטיווע קייט: פון איין זייט — דאָס טויטע געביין, די האַק פון ווילדן מענטש, און פון דער אַנדערער זייט — די שאַנד און שענדונג, און דער פּאָקוס — דער עקל פון דער וועלט, און דער אָנהאַלט אין יאוש — דאָס ליד, וואָס זיינע באַגלייטערס זענען דער עמוד אש, דער לייכט־טורעם, דאָס ליכט פון וווּנדער.

## ג

איך האָב מיך נוהג געווען צו באַגלייטן אַ יעדן איבערזעץ מיט אַ קליינע אינפאָרמאַציע וועגן מחבר און זיין לעבן און שאַפן, וואָס איז מיר אָבער איצט געווען אוממעגלעך, ווייל איך האָב וועגן מחבר גאָרנישט געוווסט, האָב איך מיך באַנוגנט מיט אַ קליינער נאָטיץ, אַזוי צו זאָגן: „די

לידער זענען געקומען פון אַ יידיש לידער־געזעמל, „פּאַרטונקלטע פּרי־מאָרגנס״, וואָס שפּיגלען אָפּ דעם איצטיקן שוידער אין דער וועלט, בשעת דער טונקל פון בייזע און ווילדע אינסטינקטן נעמט אַרום דאָס לעבן פון די פעלקער און גרייט זיך פאַרלעשן דאָס ליכט פון מענטשנס נשמה. דאָס געזעמל איז אַרויס ערשט נישט לאַנג (1938, פאַרלאַג הוטנער, וואַרשע)״. בעל כורחי האָב איך מיך דערמיט באַנוגנט און געזוכט אַ וועג דעם איבער־זעץ צוצושטעלן דעם מחבר, און איך האָב מיך אָנגעכאַפּט אין דעם ליד: „וויי״, וואָס דער מחבר האָט געהייליקט בער שנאַפּערן, אַ יונגער דיכ־טער, וואָס איך האָב געקאָנט פון אונדזערע בשותפותדיקע יוגנט־יאָרן אין לעמבעריק; נאָך מער, מיר האָבן ביידע אָנגעהויבן אונדזער ליטעראַרישע קאַריער, און דאָס אין פּאָעזיע, כמעט אין דעם זעלבן יאָר, און איך זע גלייך היינט וואָלט עס געווען, דער נומער אין „פּאָלק און לאַנד״ ווו מע איז מודיע, אַז מיר ביידע נעמען דאָרט אָנטייל, און באמת פלעגן מיר זיך ווענדן איינער צום אַנדערן מיטן טיטל: טיעזקא, ווי עס זענען זיך נוהג חברים, וואָס טראָגן דעם זעלבן נאָמען, כאָטש בכתב איז געווען אַ שטיקל חילוק: ער האָט זיך תחילת גערופן דב און איך בערל, און שפּעטער האָט זיך דאָס איבערקערט. הכלל, ער, בער שנאַפּער, איז עס פאַר מיר געווען דער אַדרעס צו שיקן, וואָס איך האָב באַשטימט פאַר זיין חבר, משה וואַלדמאַן, און איך האָב גע־וואַרט אויף זייער תשובה.

אָבער זי, די תשובה, איז נישט געקומען — עס איז אויסגעבראָכן די וועלט־מלחמה, און ערשט נאָך אַ סך יאָרן, האָב איך מיך דערוווסט, אַז משה וואַלדמאַן האָט טאַקע וועגן מיר געהערט פון בער שנאַפּערן, האָט אָבער נישט געוווסט אַז איך האָב איבערגעזעצט און געפּובליקירט צוויי לידער זיינע, פּונקט ווי איך האָב די אַלע יאָרן נישט געוווסט, צי איז ער צווישן די ווייניקע אָפּגעראַטעוועטע, אָדער צווישן די פיל פאַרלענדטע. איך האָב נאָכגעפאָלגט דעם גורל פון אונדזערע שרייבער אין פּוילן, און נאָכגע פאָרשט וועגן זיי און באַזונדערס די, וואָס איך בין געווען פאַרבונדן מיט זיי. און האָב זיי, דורך מיינע איבערזעצן, פאַרשאַפט אַ קאָפּ פּובליסיטי, צווישן די העברעאיש־לייענער, קודם כל די טאָפּל־שפּראַכיקע, פּויליש און יידיש שרייבנדיקע — משה שימל, דבורה פאָגל, דניאל איהר; די בלויז

יידיש־שרייבנדיקע — חיים לייב פוקס, וועלכן איך האָב געקענט אין תל־אביב און פון וועלכן איך האָב געקריגן עטלעכע טעלעגראַמעס פון אַלמאַ־אַטאַ, און איך האָב אויך געהערט וועגן זיינע לידער אין דער סאָוויעטיש־יידישער פרעסע; נחום באַמזע, וועלכן איך האָב געקאָנט פון זיין פריסטער יוגנט, וואָס זאָל האָבן אַרויסגעגעבן אַ באַנד לידער אין קיעוו; א. מ. קנאַפּ־הייס, וואָס עס האָט זיך צו מיר פאַרוואַלגערט זיינס אַ ביכל באַלאַדן, אויס־גאָב פון „עמעס", ישראל עמיאָט, וואָס איך האָב געוווּסט פון אים, אַז ער איז פון די יונגע דיכטער אין דער אָרטאָדאָקסישער באַוועגונג, און האָט שפּעטער אַרויסגעגעבן אַ בוך לידער, אויך אויסגאָב פון „עמעס" און האָט זיך באַזעצט אין ביראָבידזשאַן. איך וועל נישט זאָגן, אַז איך בין געווען גליקלעך צו הערן וועגן די גלגולים, אָבער איך בין געווען גליקלעך צו וויסן, אַז זיי לעבן און האָב מיך געטרייסט דערמיט, וואָס די טויערן פון תשובה זענען קיין מאָל נישט פאַרשלאָסן. און באמת, ווען זיי זענען, מיט יאָרן שפּעטער, פריי געוואָרן, האָבן זיך די דאָזיקע טויערן טאַקע געעפנט און זענען אָפן עד־היום. וואָס שייך ווייטער משה וואַלדמאַן, האָט מיך דער אויסלייג זיינער אין זיין ביכל לגבי לשון־קודש־ווערטער, ווי אַ שטייגער: טעהאָם — תהום, אמוד־האייש — עמוד־האש, וכדומה, באַוויגן אים לאָזן אָנגעהערן צו יענע, וואָס האָבן געוואָלט אַריבער דעם גרינעם פּאַס, אָבער דווקא וועגן אים האָב איך גאָרנישט געהערט. ערשט נאָך היטלערס מפּלה, ווען די שרייבערס אונדזערע האָבן זיך אומגעקערט קיין פּוילן, האָב איך געזען זיין נאָמען, צווישן די אָנטיילנעמער אין זייערע בלעטער, און מיט יאָרן שפּעטער, ווען ער האָט שוין געוווינט אין פּאַריז, האָט ער זיך דער־ווּסט וועגן מיינע איבערזעצן.

די אומזיכערקייט וועגן זיין גורל האָט געהאַט אירע סיבות — ערשטנס, האָט ער טאַקע געהערט צווישן די אַנטלאָפענע און אָפּגעראַטע־וועטע, אָבער זיין קול האָט זיך נישט געלאָזט הערן ווי עס האָט זיך געלאָזט הערן דאָס קול פון אַנדערע; צווייטנס, זיין ביכל איז געווען אַ מין ערשט־לינג, וואָס האָט נישט פאַרמאָגט קיין ברידערלעך, און די שאַפונגען זיינע זענען צעזייט און צעשפּרייט אין כלערליי זשורנאַלן, כאָטש זיי וואָלטן שוין פון לאַנג געדאַרפט איינגעזאַמלט צו ווערן.

## ד

עס איז אַ קיימא־לן, אַז אַ שרייבער, וואָס זיינע ווערק זענען צעזייט און צעשפּרייט און זענען נישט אַריין אין בוך־טאָוולען, איז ממילא גורם דערצו, אַז די קריטיק וועגן אים איז אַ ווינציקע און פראַגמענטאַרע, אָבער וואָס שייך משה וואַלדמאַן, איז מען מחוייב צו באַמערקן, אַז זיין ערשטלינג, וואָס זאָגט בלויז עדות אויף זיין ערשטן שפּאַן וואָס די מלחמה האָט אים אונטערגעהאַקט, האָט געהאַט היפּשע אָפּרופן, וואָס זענען צו מיר באַצייטנס נישט דערגאַנגען. דער דיכטער, אַ געבוירענער אין אָזאָרקאָוו, לעבן לאָדזש, אויפגעוואַקסן אין אַ האָרעפּאַשנער משפּחה, געוואַנדערט און געוואָגלט — פון אָזאָרקאָוו קיין לאָדזש, פון לאָדזש קיין וואַרשע, פון וואַרשע קיין פּאַריז און בריסל און פון דאַנעט צוריק קיין וואַרשע, איז ביים דערשיינען פון דערמאָנטן ערשטלינג געשטאַנען אין זיבן־און־צוואַנציקסטן לעבנסיאָר, און האָט שוין צייט אַ גוטע זיבן יאָר געדרוקט לידער און מאמרים, און מחמת דעם איז דער טאָן פון דער קריטיק געווען ווי וועגן אַן אָנהויבער־נישט־אָנהויבער, און די קריטיק איז געגאַנגען אויף דער ליניע פון אַ צווייאיקן נוסח.

דער איינער נוסח איז געווען גיכער מכוון אויפצווייזן די באַזע פון דער דאַזיקער דיכטונג — אין אַן איבערבליק וועגן אַן אָוונט לכבוד דער־שיינען פונעם לידער־בוך („אַרבעטער צייטונג", 1־טער יולי 1938) ווערט דערמאָנט אַז שלמה לאַסטיק, וואָס האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף דער נעגאַטיווער זייט פון די לידער, דעם איבערגעטריבענעם פּעסימיזם, האָט זיך אויך אָפּגעשטעלט אויף זייער פּאָזיטיווער זייט, דעם ערלעכן פּאָעטישן גאַנג. דער קריטיקער האָט זיך עפּעס שפּעטער אומגעקערט צום אָפּשאַץ פון דיכטער (אין „די פרייע יוגנט") זייענדיק אינפאָרמירט וועגן זיינע אַנדערע לידער, און פונקט ווי ער האָט אין בוך געפונען גוטע און שיינע לידער, האָט ער איצט געפונען אַז אין די אַנדערע לידער, האָבן זיך גע־

שטאַרקט די פּאָעטישע מעגלעכקייטן, אונטער דער בולטער השפּעה פון ה. לייוויק, סיי אין די בילדער סיי אין באַנעם, אין לעבנס־באַנעם. אַז די השפּעה איז געווען אַ ממש לאָזט זיך אָפּלערנען אויך דערפון, וואָס וואַלד־מאַן האָט מיט אַ סך יאָרן שפּעטער, אַרויסגעגעבן אַן אויסגעצייכנטע אַנ־טאָלאָגיע פון לייוויקן אויף פראַנצויזיש.

דער אַנדערער נוסח איז געווען גיכער מכוון אויפצווייזן דער עיקר־מהות פון דער דאָזיקער דיכטונג — משה שימעל („אַרבעטער צייטונג", 28 אויגוסט 1938) ווינקט אָן אויף אַ פּרימיטיוו־פּאָעטישן יסוד, וואָס לאָזט הערן דאָס קול פון אַ געפּייניקט פאָלק, וואָס די ערד ברענט אונטער זיינע פיס, אַזוי אַז דאָס געשריי פון יידישן פאָלק, און דאָס געשריי פון יידישן פּראָטעסט פאַרפלעכטן זיך צוזאַמען. די צוויי קריטיקער וואָס זענען מחולק אין גרונט־קוק, זענען נישט געווען די איינציקע, וואָס האָבן רעאַגירט אויף דעם ביכל — אויך מ. מירסקי האָט זיך אָנגערופן („פּאַריס", 1939, העפט נומער 4): קינסטלעריש ווייזן זיך אים די לידער אויס שטאַרק, אַ מין צוזאַמענשטויס פון ראַפינירטער ליריק און מגושמער פּראָזע, אָבער געדאַנקלעך זעט ער דעם עיקר אין צער מחמת מענטשלעכן רשעות, וואָס דער דיכטער זעט בלויז אַ פאַרנעפּלטן אויסוועג דערפון, און מען דאַרף נישט קיין לאַנגע פּירושים, כדי צו דערקלערן וואָס קריטיקער, ווי מירסקי און לאַסטיק, פאַרגלויבטע קאָמוניסטן, סיי דעמאָלט סיי איצט, האָבן באַ־טראַכט פאַר אַ נישט־פאַרנעפּלטן אויסוועג. און מעגלעך, וועגן אַנטשיידנ־דיקן פּונקט איז כדאי זיך צוצוהערן צום דינעם קול פון דעם איידעלן און וואונדערלעכן דיכטער חיים קרול, וואָס כאָטש דער גאַנצער גוזמא זיינער, האָט ער געטראָפן אין פּינטל זאָגנדיק, אַז אַזאַ מין צער האָט ער באַ־געגנט בלויז אין די צאָרן־לידער פון ביאַליק. כדי דעם אָפּשאַץ צו באַ־פרייען פון זיין גוזמא, בעט זיך אַן אַנדערע פאָרמולאַציע: אַזאַ צער שפּייזט זיך פון יענע צאָרן־לידער, וואָס שעפּן אויס דעם יאוש ביז אין סאַמע גרונט, און כאַפּן זיך נישט אָן אין די טרייסטעניש, אין וועלכע עס האָבן פיל דיכטער אָנגעכאַפּט, און זיי האָבן זיך אַרויסגעוויזן ווי פּוסטע אילו־זיעס.

און עס איז כדאי צו באַמערקן, אַז צווישן די ערשטע אָפּשאַצערס איז אויך געווען דער דעמאָלט קראָקעווער יוסף וווּלף (וואָלף), אַן אָנהויבער, וואָס האָט ערשט מיט אַ יאָר פֿריער גענומען דרוקן זיינע זאַכן, און וואָס איז מיט יאָרן שפּעטער, נאָך דעם וואָס ער האָט איבערגעלעבט מאַנטעלופּי און אָשוויענטשים, געווען איינער פֿון די גרונטיקסטע פאָרשער פֿון דער נאַצישער תקופה און היטלערס העלפֿער און העלפֿערס העלפֿער, ביז צו זיין לעצטן לעבנס־טאָג. ער האָט זיך אין דוד פּוכאַלניקס וואָלינער „צוויט" (נומער 6—7 — נאָוועמבער-דעצעמבער 1938, ז"ז 18—19), אָפּגערופֿן אויף „פּאַרטונקלטע פּרימאַרגנס", געבראַכט ציטאַטעס און זיי געאַנאַליזירט, און האָט פֿאַרענדיקט, אַז עס שטייט פֿאַר אונדז אַ כאַראַקטעריסטישער שטימונגס־דיכטער, וואָס איז ווערט מען זאָל זיך איבער אים אָפּשטעלן, ווייל זיינע שטימונגען זיינען בכוח אַרויסצוברענגען וועזנטלעכעס, וואָס גיט צו ווערט זיינע שאַפֿונגען."

## ה

משה וואַלדמאַנס שווייגן אין די לאַנגע וואָגלענישן זיינע, און זיינע שפּאָרלעכע רייד, איך מיין די צעוואָרפֿענע פּאָעטישע רייד, דערנאָך, דער־קלערן אויך דאָס שווייגן וועגן און אַרום אים. מעגלעך, אַז דאָס שווייגן וואָלט אויפֿגעהערט, ווען ער זאָל געווען איינזאַמלען זיינע לידער, אָבער ער האָט עס נישט געטאָן, ביז איצט נישט געטאָן. וואָלט מען געקענט מיינען, אַז מיר האָבן פֿאַר זיך אַ טיפּ פֿון אַ פּורש מן הציבור, איז פּונקט קאַפּויער — ער איז גאָר אַקטיוו אין כלערליי קולטור־אינסטיטוציעס אין פּאַריז, אין דאָרטיקן שרייבער־פּאַריין; זיין און זיין פּרויס, דער אויסגע־צייכנטער פּראָזאַיקערין מנוחה ראַם, שטוב, איז אַ שם דבר פֿאַר גאַסט־פֿריינטלעכקייט און שוועך צו געפֿינען אַ שרייבער, וואָס קומט קיין פּאַריז, און זאָל נישט נהנה זיין פֿון דער וואַרעמער אַטמאָספֿער. וואָס שייך ווײַ־טער זיין אַקטיוויטעט, דאַרף מען אונטערשטרייכן זיין זאָרג פֿאַר אַ יינגערן דור, וואָס זאָל ירשנען די ליבשאַפֿט צו מאַמע־לשון, און אַן עדות דערצו זענען די העפֿטלעך „לאָמיר קינדער לערנען", וואָס ער האָט נאָך געדראַק־

טירט אין וואַרשע, און זייער המשך „פּאָר אונזערע קינדער", וואָס ער האָט געוועדאַקטירט אין פּאַריז, און פּונקט ווי דו באַגעגנסט אים אויף אַ יידישן קולטור־צוזאַמענפאָר אין ניו־יאָרק, טרעפסטו אים ביי אַן ענלעכער אימפּרעזע אין תל־אביב, און ער איז אַ פריינד פון שרייבער און אַ ידיד פון זייערע ספרים, איניצירט אויפטוען און מעשים (אויך פון מאָלערס) און אַ ידיד־נפש צו יעדן און אַלעמען, וואָס האָט צו טאָן מיט ליטעראַטור און קונסט. איך האָב געהאַט אַ שעת כושר אים, אין די באַציִען, צו אָבסערווירן, ווי ער האָט צו דעם אַלעמען און צו די אַלע, צייט און געדולד, און האָב אים געפּרוווט דעפינירן: אַ מענטש אָן אַ זייגער און אָן אַ גאַל.

הייסט עס אַז דאָס שווייגן איז נישט אַרום אים, ווי אַרום זיין שאַפן, און אויך דאָס איז נישט קיין אַבסאָלוט שווייגן, האָבן מיר דאָך עטלעכע שיינע הפסקות. איך מיין נישט בלויז די מאמרים, וואָס וואַזשנע שרייבער האָבן וועגן אים געשריבן, לכבוד זיינע באַזוכן אין זייערע שטעט אָדער לכבוד זייערע באַזוכן אין זיין שטאָט — צווישן זיי אהרן גלאַנץ־לעיעלעס, אפרים אויערבאַך, לעאָן פיינבערג, שלמה ביקל, וואָס האָבן אגב אורחא אויך באַרירט זיין שרייבן, איך מיין דער עיקר די שרייבער וואָס האָבן אונדז באַרייכערט מיט ידיעות פון זיין לעבן און די שרייבערס וואָס האָבן אָפּגעשאַצט זיין דיכטונג, און באַזונדערס איר המשך.

## ו

ווי אַ דוגמה פון ערשטן סאָרט זענען די זכרונות פון יצחק יאנאסאָ־וויטש, אין זיין בוך „פּנימער און נעמען" — ער האָט זיך מיט אונדזער דיכ־טער געטראָפן אין לאָדזש, מיט איבער פערציק יאָר צוריק, דורכן פּאַר־מיטל פון פאָלקס־דיכטער הערשעלע דאַנילעוויטש — בעצם איז עס געווען אַ באַגעגעניש פון צוויי שכנים, דער אַ יעזשאָווער און דער אַן אָזאָרקאָ־ווער. ביי יענער באַגעגעניש זענען זיי געשטאַנען ווי צוויי נאַקעטע אין שטורעם פון ים, דער שטורעם פון יידן־שנאה, וואָס האָט זיי פון אַלע זייטן

אַרומגעגנומען. נאָך יאָרן, ווען זיי האָבן זיך ווידער באַגעגנט אין לאָדזש, נאָכן חורבן, און ס׳האָט זיי ווידער אַמאָל אַרומגעגנומען די יידן־שנאה! — אַלע האָבן זיך געריסן אַנטלויפן, חוץ וואַלדמאַן, וואָס האָט זיך געהאַלטן אין דער שטאָט. גלויבנדיק אין אַ שליחות, דאָס שליחות פון יידישן וואָרט. דער שרייבער דערציילט וועגן דער מידה פון הכנסת־אורחים, וואָס האָט געהערשט אין וואַלדמאַנס שטוב און באַמערקט, אַז די מידה איז אָנגעגאַנגען אויך אין בוכאַראַ, ווען די שטוב־לייט האָבן אַליין געליטן הונגער. ער דערמאָנט אויך אַן אַנדערע מידה פון וואַלדמאַנס מקריב זיין זיך און זיין שפּאָרונג לטובת אויפטוען וואָס האָבן אַ חשיבות פאַר דער כלל־קולטור. און דאָ איז כדאי צו דערמאָנען די זכרונות פון גבריאל וויסמאַן („לעבנס־פראַגן״), וואָס די מלחמה האָט אים פאַרוואָגלט אין דער וויטער קאָמי, אין סאָוויעט־רוסלאַנד, וווהין אויך וואַלדמאַן איז פאַרוואָגלט געוואָרן, און דאָ האָט ער אים באַגעגנט, אין אַ ביטערער ווערקלעכקייט, אָבער באַלויכטן פון אַ לעבנס־אָפּטימיזם, וואָס האָט אים תמיד געגעבן אַ כוח צו טאָן און אויפצוטאָן. פון די אויפטוען זיינע אין פּוילן און פּאַריז, ווערן דאָ דערמאָנט נישט בלויז דער שוין דערמאָנטער זשורנאַל פאַר קינדער, נאָר אויך די באַגרינדונג פון דער „מיניאַטור־ביבליאָטעק״.

ווי אַ דוגמה פון אַנדערן סאָרט איז די אַרבעט פון באָרווין פרענקעל („די פּרעסע״, 6־טן מאַי 1973) וואָס האַלט אַז וואַלדמאַנס באַהאַוונטקייט אין יידישן קולטור־לעבן און אירע אָפּצווייגן איז גורם, אַז די וואָס ווילן אים אָפּשאַצן, האָבן מורא פאַר צוויי קאָנטראַרע מידות — טאָמער וועלן זיי זיין צו סוביעקטיוו, אָדער טאָמער וועלן זיי זיין צו אָביעקטיוו. אין דעם האַלבן יובל יאָרן, וואָס וואַלדמאַן זיצט אין פּאַריז, האָט ער זיך אַרויסגעוויזן ווי אַ קולטור־טוער, אַ רעפּערענט, אַן איניציאַטאָר פון כלערליי קולטורישע און פאַרלעגערישע אויפטוען, אַזוי אַז די אינטעגראַלע מידה פון זיין פאַרשוינלעכקייט פאַרשטעלט דעם דיכטער, שטיפעריש געזאָגט: דער וואַלד פאַרשטעלט דעם מאַן. נאָך מער, אַזוי ווי ער איז נישט פאַכאַפּנע, ווי עס זענען געווייבטלעך דיכטער, ארויסצוגעבן, לפּחות יעדעס צווייטע יאָר אַ בוך זייערן, כאָטש ער וואָלט דאָס געקאָנט טאָן, פעלן דאָך אים נישט די־נאַמישקייט, נישט ענערגיע, נישט פריינט; איז שוין אַזוי דער סדר העולם, אַז מען שרייבט בלויז וועגן ביכער און מען שרייבט נישט סיי קריטיק

סיי רעצענזיעס, וועגן לידער וואָס דרוקן זיך אין זשורנאַלן און צייטונגען. דער שרייבער איז מודה, אַז כדי צו קענען אָנשרייבן אַן אָפּשאַץ — האָט ער געמוזט דורכבלעטערן כּלערליי זשורנאַלן. דאָס איינציקע בוך „פּאַרטונקל־טע פּרימאָרגנס", האָט אים דערגרייכט מיט אַ פאַרשפּעטיקונג פון פינף־און־דרייסיק יאָר. ער האַלט אַז די שטאָט לאָדזש, ווו דאָס בוך איז געשריבן געוואָרן, האָט אַרויפגעלייגט איר חותם אויפן מחבר אויף דער גאַנצער לענג פון זיין לעבן און זיינע נע־ונדן, און דאָס איז זיין וואָרצל. אַן עדות דערצו זענען זיינע שפּעטערע לידער, וואָס ער, דער אָפּשאַצער, האָט פאַר זיך געהאַט צענדליקער פון זיי, און זייער כּלל־רושם איז, אַז דער דיכטער, כאָטש ער האָט נישט אַנטפּלעקט קיין נייע פאָרמען, און איז נישט קיין וואָרט־מכשף, קען אויפבויען אַן אויטענטישע דיכטונג, וואָס איז באַזירט אויף אַ רעכט איבערלעבעניש. דערפאַר איז דער גאַנג זיינער רואיק און ציכטיק, צומאָל מיד, פאַרשלייערט אין אַ וואָלקן פון רמזים און סימבאָלן. און די סטראָפעס ווייען אָן אַ מיסטעריעזע שטימונג, און דאָס פאַרטרוימטע שטייגט איבער די וואָר. ער פאַרשטאַרקט עס מיט אַ ליד־ציטאַטע:

דער חלום אַ מלאך אַ ווייטער
וואָס קומט נאָר אין טונקעלע נעכט
און ברענגט דיר אַ גרוס פונעם רייטער
וואָס שלאָגט זיך פאַר דיר אין געפעכט —
אויף וועגן וואו ס'האָבן שוין ריטער
געפאָכטן פאַר רו און פאַר ליב
און האָבן צעפינקלטע גיטער
פאַרוואַנדלט אין אַש און אין שטויב.

דער דאָזיקער ציטאַט, ענלעך צו די אַנדערע ציטאַטעס, וואָס דער קריטיקער שטיצט זיך אויף זיי, זענען מכוון צו באַפעסטיקן זיין הנחה, וואָס איז אויך זיין מסקנה, אַז דער דיכטער געהערט, לויט זיין וועג, דער נעאָ־ראָמאַנטישער ליריק און מיסטישער סימבאָליק, זיין אומקער (וואָס איז צומאָל אַ צוגעטראַכטער) צום וועלט־שמערץ אין דער יידישער פאַר־וויקלטקייט, צו דער פּאָעטישער משפחה, נוסח „יונג־יידיש" פון לאָדזש, און אויב אויסרעכענען נעמען פון די, וואָס האָבן אויף אים משפיע געווען, איז כדאי אויסצובולטן די השפעה פון דיכטער־וועבער חיים קרול, נישט

אַזוי מחמת דעם תוך, ווי מחמת דער פאָרעם. וואָס שייך תוך — איז דאָך קרולס עיקר־טאָן, זיין אומגליקלעכע ליבע צו זיין געליבטער, וואָס האָט אים פאַרראַטן, בשעת וואַלדמאַנס עיקר־טאָן איז אויך די ליבע, אָבער דאָס איז נישט קיין עראָטישע, נייערט אַן אַרכאַיש־פּאַטריאַרכאַלע, משפּחהדיקע ליבע, וואָס נעמט אויך אַרום זיין שבט. ווייל דער שווער־פּונקט פון זיין פּאָזיע איז אין תחום פון גלויבנס־פּראָבלעמען, אַזוי אַז זיין געטריישאַפט איז ווי אַן אַטאַוויסטישע געטרײשאַפט.

מיר האָבן עפּעס לענגער רעפערירט באַרווין פרענקעלס אָפּשאַץ, ווייל ער איז כמעט דער איינציקער, וואָס שטיצט זיך אויף דער שטודיע אין מערער צעוואָרפענע לידער פון דיכטער, וואָס עס לאָזט זיך נישט זאָגן, וועגן די איבעריקע אָפּשאַצערס, וואָס האָבן פאַר זיך געהאַט בלויז אַ טייל פון דעם מאַטעריאַל — כאַראַקטעריסטיש איז דער אָפּשאַץ פון אפרים אויערבאַך, וואָס ווען ער ווענדיק אילוסטרירן זיין דעה, ברענגט ער אַ ציטאַט פון איינציקן לידער־בוך און ער פאַרענדיקט טאָקע מיטן ווונטש, בקרוב צו זען די צעזייטע לידער אין אַ באַנד. אָבער זייט דעמאָלט זענען אַוועק עט־לעכע יאָר און עס איז נאָך אַלץ אַ ווונטש, און קומענדיק איצט עפּעס צו־געבן צו די דערמאָנטע אָפּשאַצן, נאָך דעם ווי איך האָב דורכשטודירט צעוואָרפענע לידער, וויל איך מיך לעת עתה באַנוגענען מיט צוויי באַמערקן.

ז

ערשטנס, וועגן אַ שפּעטן אויסדרוק פון זיין געוואָלטן, אָדער געצוווּנ־גענעם שטילשווייגן, ווען ער איז געווען אין סיביר און אין מיטל־אַזיע — עס איז די פּאָעמע, וואָס איז אָפּגעדרוקט אין אַלמאַנאַך פון די יידיש־שרייבער אין פראַנקרייך, און וואָס הייסט: „לאָמיר גיין איבערבעטן די געטער" און אין אַריינפיר אַנטפּלעקט איר שטימונג און גייסט אַזוי צו זאָגן:

וועסט שוין קיינמאָל נישט גיין
אין צעשמייכלטן חן,

אויף דיינע וועגן.
הער זיך איין:
ערגעץ זעגערס זעגן,
פאַלט בוים נאָך בוים אין וואַלד.
ס'ווערט דיר קאַלט
דו ביסט אין ווינטער־לאַנד
פון אויסגעלאָשענע שטערן.
דאָ וועסטו קיינמאָל שוין נישט בויען דיין טורעם.
ס'האָט גאָלדיק אַמאָל געכישופט דיין חלום
פאַרבייס דיינע ליפּן און זינג,
כאָטש דאָס ליד איז פון אומעט.

**און אין המשך פון ליד זעען מיר ווי עס פאַרלעשט זיך דאָס גאָלד פון טאָג, ווי עס ברענען רויטע די וועלדער, ווי עס פאַלן די פלייצעס און עס גרויט דער קאָפּ:**

אינעם שפּיגל פון מיין חלום
גייען אַריין די פאַרלוירענע טעג

**און די פאַרלוירענע טעג — משמע־טעג, וואָס זענען לויט זייער נאַטור, ווייך און גוט, אָבער צווישן זיי און דעם דיכטער האָט עמעץ אַני־דערגעשטעלט אייזערנע קראַטעס. אויך די נעכט זענען, לויט זייער נאַטור, ווייך און גוט און רופן צו ליבשאַפט, אָבער אַ פּלוצעמדיקער שטורעם האָט באַפאַלן דאָס נעסט, וואָס איז, דאָ נישט לאַנג, אויפגעבויט געוואָרן, און איז איצט חרב ונחרב, און אַ פייער האָט פאַרפלייצט דעם הויף —**

מיר גייען איבער פרעמדע שטעט —
אונדזערביידנס יאָמער,
ווערט צעריסן פון שרעק — —
דער חלום אין שפּיגל
ווערט פאַרלאָשן דורך אַ קאָפּטשענדיק ליכטל.

**דער דיכטער האָט זיך אין זיין פאַנטאַזיע אויסגעקלערט אַ נאַיווע**

פראַכט, אַן אויסגעחלומטן גן־עדן, אָבער זיינע ליפּן גרין פון גאַווער, און ער שפּאַנט איבער פרעמדע וועגן, צעטומלט און דערשלאָגן. די טעג זיינע טומלען זיך ווי משוגענע הינט און די נעכט ווי איינגעוויקלט אין געוויין פון הונגעריקע שאַקאַלן.

דער באַשרייב פון די טעג און נעכט חזרט זיך איבער — דער טאָג מיינט הונגער, די נאַכט — רו. און ער ווענדט זיך צום ווייטיק מיט אַ מין וויג־לידל, אים איינצושלעפערן, ווען אַרום זענען אַלע און אַלץ פאַרטאָן אין אויפבינדן און פאַרבינדן זייערע אייגענע ווונדן און זיין הויז איז ווי אַ גרויע תיבה, וואָס איר ליכט איז גרוי, פול געקרעכץ און געוויין, און מען זעט דעם מזרח אין זיין בראַנד און דעם מעריב אין זיין בראַנד און אין פענצטער זעט ער די הענט פון דער ווייטער מאַמע. דאָס בילד איז ווי אַ ראַם פאַר דער כוונה פון דער פּאָעמע, ווי עס אַנטהאַלט זי איר נאָמען:

לאָמיר גיין
צו די פאַרטריבענע געטער אין היילן
און בעטן אויף גאולה.
יעדער וועט זיין גאָט איבערבעטן,
איר וועט אין אייער תפילה,
די איינזאַמקייט דערציילן —
איך וועל מיין ליד פון אַלע שאָלן אויסשיילן,
און ברענגען שטומען קרעכץ
פון פרי שטאַרבנדיקע,
און ברענגען
אַ לעצטן בענטשנדיקן בליק
פאַר איר יתומל —
איידער ס׳האָט די מאַמע
אירע אויגן פאַרמאַכט — —
און ברענגען
אַ צעריסענעם געוויין
וואָס איז געבליבן אויף אַ בוים

ערגעץ אין וואַלד
אַליין, אַליין.

לאָמיר גיין,
לאָמיר גיין,
מיט ניי־באַשאַפענעם תפילה־געזאַנג
מיט אָבל־געזאַנג
מיט יתום־געזאַנג —
איבערבעטן די פאַרטריבענע געטער אין היילן
און בעטן אויף גאולה.

אַ פיין־פיליק אויער דערשנאַפּט דאָ די דיאַלעקטישע סתירה, וואָס חיקלט זיך דורך אין דער פּאָעמע — פון איין זייט שפּירט זיך דער יאוש פון איינעם וואָס ווייסט אַז ער וועט זיך שוין קיינמאָל נישט אומקערן אויפן שטעג פון צעשמייכלטן חן און וועט זיך קיין מאָל נישט צוריק אויפבויען זיין טורעם, און פון דער אַנדערער זייט הערט זיך דער קלאַנג פון האָפונג אויף גאולה, און די מיט פון דער פּאָעמע פאַרוואַרפט אַ בריק פון איין עק צום אַנדערן עק — דאָס איז די תשובה, וואָס דער דיכטער רופט זי אָן אומקער צו די פאַרטריבענע געטער אין היילן, און וואָס האָט מסתמא אַ טיפערן, און ממילא פשוטערן באַטייט, און מיר וועלן זיך באַנוגענען מיט די ווערטער פון דעם געפּרוווטסטן מענטשן, איוב: כי עוד לאלוה מלים.

## ח

צווייטנס, — אומקער פירט צו אומקער; עס איז דער אומקער צו אַ פרימאָרגן פון פאַר די פאַרטונקלטע טעג פון זיינע צייטיקע יאָרן. עס איז דער פרימאָרגן פון זיין קינדערשער צייט און וועלט, וואָס איז כולו ליכט, און פאַראַן עטלעכע דוגמות פון פאַר דעם אומקער, און אַם בולטסטן ווייזט זיך אויס דאָס ליד, וואָס שוין דער נאָמען זיינער דעקט אויף זיין זינען: „קומט מיר אויף צוריק אַ טרוים". און וואָס איז געהייליקט זיין ברודער אהרן, וועלכער איז אָפּגעראַטעוועט געוואָרן און איז געקומען פון אַ וועג, וואָס איז ווייטער פון ווייט און זיין אָנהויב גייט:

געווען איז עס אין יענער ווייטער, קינדערשער צייט,
ווען אַלע וועגן האָבן געשמייכלט מיט אַ בלויער ווייט,
ווי ס׳ברויט אין באַקן וואַקסט און ברוינט, געוואַקסן איז מיט מיר
די ערד
האָב איך יעדן טאָג געוואָרט משיחן אויף זיין ווייסן פערד.

און אין המשך־ליד הערן מיר, אַז אין יענע טעג פלעגט די מאַמע זיינע אים, דעם בכור, יעדן פאַרנאַכט, פירן אין דער בלויער וועלט פון לעגענ־דעס, און דער זיידע זיינער פלעגט אים, דאָס אייניקל זיינס, שבת־בראשית, פאַרהערן, און פלעגט מיט פשוטע ווערטער, לויבן דעם האַר פון הימל און ערד, און ער, דאָס אייניקל, און זיין חבר, האָבן אין זייער חלום, פאַרלייגט די כישוף־בריק, אויף וועלכער זיי וועלן ביידע, אַ פּאָרל בלאָנקענדיקע שעפעלעך שפּאַנען אין לאַנד אריין, וואָס איז כולו זון, און אָנקומענדיק אַהין, מיד פון וואַנדער, וועלן זיי זיך אָפּרוען אין שאָטן פון אַ פּאַלם, און יצחק אבינוס מלאך וועט זיי באַהיטן, און אין חלום וועלן זיי זיך שפּייזן פון טייט־לען, באָקסערן, פייגן און גאָלדענע פירות, וואָס פאַלן אַליין אַראָפּ פון די צווייגן.

ווי אַרום דעם קינדערישן חלום וועגן לאַנד פון די אבות וואַקסט אויס צו אַ ממשדיקער וויזיע פון לאַנד פון די בנים, ווי עס באַנעמט זי דער דיכטער מיט זיין לעבעדיקן באַגעגעניש אויף דער וואָרסטער וואָר, זעען מיר באַשיינפערלעך פון זיין פּאָעמע וועגן זיין אויפגאַנג קיין ירושלים און זיין גאַנג אין איר („גאַנג אַרויף צו ירושלים״, פּאַריז, תשל״ו — 1976). עס איז אַ האַרציקע אוווערטור, סיי אין דיכטערישן און סיי ביאָגראַפישן זינען, און מיר וואַרטן אויף זיין המשך, וואָס וועט זיך שטאַרקן מיט זיין באַשטאַנדיקן באַזעצן זיך אין לאַנד.

**דב סדן**

ירושלים, אדר ב׳ תשל״ז

**פאַרפרוירענע שטערן**



מאַנע קאַץ

# קאַלטע ליכט



פּאַרפרוירענע שטערן —
אַ קאַלטע ליכט,
וואָס פאַלט איבער אונדז,
אויף אונדזערע הייזער.

און דו, און איך,
מיר גייען אָפּט
ווי לונאַטיקער
מיר בעטן צו גאָט:
באַפעלער אין די הימלען —
צינד אָן פונדאַסניי
אונדזערע העלע שטערן.

דו, צו ווּעמען
מיר טראָגן אַ געבעט,
אונדזער תפילה
איינגעהילט אין טלית
פון פאַרפרוירענע טרערן —
צינד אָן פונדאַסניי
אונדזערע ליכטיקע שטערן.

פּאַריז, 1974

## לאָמיר גיין איבערבעטן די געטער

□

### א

ווערסט שוין קיינמאָל נישט גיין,
אין צעשמייכלטן חן,
אויף דיינע וועגן.
הער זיך איין:
ערגעץ, זעגערס זעגן —
פאַלט בוים נאָך בוים אין וואַלד.
ס׳ווערט דיר קאַלט? —
דאָ ווערסטו קיינמאָל שוין נישט בויען דיין טורעם.
דו ביסט אין ווינטערלאַנד
פון אויסגעלאָשענעם שטערן.
ס׳האָט גאָלדיק, אַמאָל, געכישופט דיין חלום! —
פאַרבייס דיינע ליפּן און זינג,
כאָטש דאָס ליד איז פון אומעט — — —

פונעם טאָג ווערט פאַרלאָשן דאָס גאָלד,
ברענען רויטע די וועלדער.
פאַלן דיינע אַקסלען אַראָפּ —
גרוי ווערט דיין קאָפּ.

### ב

אינעם שפּיגל פון מיין חלום,
גייען אַריין די פאַרלוירענע טעג — — —

זילבער אויף די שויבן.
דער טאָג איז מילד צו דיר
און דו ביסט גוט צו מיר —
שיכור זענען אונדזערע טעג.

— ווער האָט אונדז אויפגעשטעלט
אייזערנע קראַטן?

גאָלד אויף די שויבן.
די נאַכט איז מילד צו דיר
און דו ביסט גוט צו מיר.
ברענט מיין אָטעם דיינע באַקן,
דיינער — מיינע ליפּן.
קום, קום, אין ליבשאַפט זיך שיפן.

•

איז פּלוצים אַ שטורעם געקומען.
אונדזער פריש געבויטע נעסט,
ליגט אין חורבה...
פייער האָט פאַרגאָסן אונדזער הויף.

קרום דאָס פענצטער —
ווײנט די מויער...
ווײנט דער וועג
מיט גרינעם טרויער...

•

מיר גייען איבער פרעמדע שטעט —
אונדזער ביידנס יאָמער,
ווערט צעריסן פון שרעק — — —

דער חלום אין שפּיגל
ווערט פאַרלאָשן דורך אַ קאָפּטשענדיק ליכטל.

## ג

ווי־פל שיינקייט האָסטו אויסגעטראַכט,
וויפל גן־עדנס פאַר דיין טרוים —
און היינט? —
אויף דיינע ליפּן גרינט שוים,
אויף דיינע וויעס ליגט שטויב.
כאָטש אָפּן זענען דיינע אויגן, —
גייסטו אויף פרעמדע וועגן,
פאַרווירט,
דערשלאָגן,
דער קאָפּ איז „געררירט״.
דיינע טעג לויפן — גערייצט —
ווי משוגענע הינט;
דיינע נעכט, געהילט אין געוויין
פון הונגעריקע שאַקאַלן.
ווייס, — וועסט דאָ קיינמאָל נישט דערפרעגן,
דיין אויסגעטרוימטן גאַנג.



עס זענען שיפן געקומען צום ברעג
און אַוועק.
אַ ווייב האָט געבענקט,
אַ קינד האָט געוויינט...
מיין חלום האָט געברענט — — — —

— ווער האָט אויסגעטראַכט: ווילן?
— נאַר, דו, מען דאַרף נאָר שפּילן,
לאַכן, ווען מען פּלאַצט פון ווײ
און זינגען קניענדיק —
ווען דיין קעל, רייסט אויף אַ געשריי.

ציטער נישט!
דאָס ווערט די וואָר —
מיין יערנדיקע וויי,
וואָס איז פאַרפאַנצערט אין טרויער,
ווי אונדזער שטאָט מיט אַ מויער —
אויפגעמאַכט — — —

אַזוי האָט אַ מעשה אַליין זיך פאַרטראַכט.

ד

טאַטע!
דערצייל — וואָס איז פרייד?
דערצייל — וואָס איז היים?

— קום, יונג יתומל דו מיין,
אויסוויינען אונדזער פרי־געבוירענעם צער.
מיין בליק איז שטאַר? —
דיינער איז גרוי.
און כאָטש ווייסט נאָך נישט אַליין,
וואָס „יאָ" הייסט,
און וואָס אַזוינס איז „ניין";
פאַרשטייסט נאָך נישט, וואָס גרין איז
און וואָס אַזוינס איז בלוי —
איז דיין אויג שוין באַטרערט
מיט דיין טאַטנס געוויין...

ס'איז וואַקלענדיק דיין גאַנג.
נישט טוי קושט דיין טראָט,
נאָר שטרוי פון פריש־געשניטענעם זאַנג,
שטעכט דיינע פיס — — —

— טאַטע, וואו איז מיין היים ?
— נישט פרעג מיין קינד, נישט פרעג,
קום.

ה

נאַכט.
— וועלכעס בילד האָסטו אויסגעטראַכט ?
פאַרקערעווע דיין גאַנג פרעמדער גייער.
דו, וואָס טאַפּסט די וועגן,
דו, וואָס זוכסט דעם שטיין —
בלייבסט שטענדיק אַליין,
אַליין אין דער נאַכט.

פאַרלאָזט איז געוואָרן
פון לאַנג שוין דיין שייער.
ביסט אָרעם, ווי דער גרויער וועג,
וואו דו טרעטסט.
ווייסטו אין דיין פינצטערניש —
פאַרפלעקט איז איצט די זון ?
ניין מיין ברודער.
אויך דאָס איז דיר פרעמד,
ווי ס׳צעריסענע העמד,
וואָס ס׳האָט דיר עמעץ געשענקט.

ביי דיר איז אַלצדינג אויסגעטראַכט.
בלינד איז דיין טאָג
און בלינד איז דיין נאַכט.
זאָג מיר : וואָס איז — וואָר ?
וועלכעס אין מיין האַנט איז שוואַרץ ?
און וועלכעס רויט ווי בלוט ?

שטום איז געוואָרן דיין צונג.

מיין פרעגן מאַכט דיך צאַפּלען,
ווי אַ פיש אויפן ברעג.
וואָס רויטלט זיך דיין מאַט געזיכט ? —
אָ, ס'איז דערפאַר,
ווייל האָסט שוין לאַנג פאַרגעסן
ווער דו ביסט —
ווייל האָסט קיינמאָל נישט געוואוסט,
וואָס איז פאַרב.
אַ חלום איז דיין אויפגעשיינטע ליכט.

ו

שטיל,
שטילע שעה —
זאָלן די ווענט נישט הערן מיין קרעכץ.
שלאָף איין מיין ווײ,
שלאָף איין.

מיין טאָג איז הונגעריק נאָך ברויט,
די נאַכט — נאָך רו,
נאָך שטילער שעה.
שלאָף איין מיין ווײ,
שלאָף איין — — —

די שעה שווערט,
די נאַכט ברענט, —
אין פענצטער כ'זע מיין מאַמעס הענט, —
די שעה שווערט.

האָב איך ווידער פון ווייטן
די זעגן געהערט,
זיי קרעכצן און קרעכצן,

ווי די פייגל פאַר רויב :
זום ! — זום — — —
קראַ — קראַ —

טויב איז אַרום
און שטום —
יעדער בינדט איבער
זיין אייגענע וואונד — —
קראַ — קראַ.
ז־ו־ם ! — ז־ו־ם ! —

נאָר מיין שטוב —
אַ גרויער קאַסטן, גרויע שיין —
ווערט פול מיט העשען,
ווערט פול מיט געוויין — —

דער מזרח ברענט,
דער מערב ברענט —
אין פענצטער כ׳זע מיין מאַמעס הענט.

ז

קומט —
מיין פריינד, מיין קינד
און דו בלינדער גייער.
לאָמיר גיין,
צו די פאַרטריבענע געטער אין היילן
און בעטן אויף גאולה.
יעדער וועט זיין גאָט איבערבעטן.
איר וועט אין אייער תפילה,
די איינזאַמקייט דערציילן ;
איך וועל מיין ליד

פון אַלע שיינע שאָלן אויסשיילן.
און ברענגען שטומען קרעכץ,
פון פרי־שטאַרבנדיקע ;
און ברענגען,
אַ לעצטן, בענטשנדיקן בליק,
פאַר איר יתומל —
איידער ס'האָט אַ מאַמע,
אירע אויגן פאַרמאַכט — —

און ברענגען
אַ צעריסענעם געוויין,
וואָס איז געבליבן אויף אַ בוים
ערגעץ אין וואַלד
אַליין, אַליין.

לאָמיר גיין,
לאָמיר גיין,
מיט ניי־באַשאַפענעם תפילה־געזאַנג
מיט אבל־געזאַנג,
מיט יתום־געזאַנג —
לאָמיר גיין
איבערבעטן די פאַרטריבענע געטער —
אין היילן —
און בעטן אויף גאולה.

בוכאַראַ, 1942

## שכנים



אין אָוונט פון טונקעלע שאָטנס
זוכט יעדער זיין וואַרעמע היים;
מיין שטוב איבער ליימיקע טרעפן,
ליגט קאַלט און בענקט נאָך איר שיין.

דריקט מיך מיט אומעט דער אָוונט,
שווער ווי אין עמער דאָס אייז —
גיי איך צו אַ שכנישער טיר
און טרעף דאָרט פיר פרויען אין קרייז.

דערשראָקן הייבט איינע די אויגן —
פולע צוויי ברונעמס געוויין;
אַ צווייטע פון שרעק איינגעבויגן,
די דריטע קוקט טעמפ ווי אַ שטיין.

און איינע, די יינגסטע פון אַלע,
איז טרויעריק פאַרגאַפעט אַזוי,
ווי ס'וואָלט איר אַ חלום געחלומט —
זי איז שוין אַן אַלטיטשקע פרוי.

פרעגן צעשראָקענע בליקן:
„ווער ביסטו, דו בעטלער אין קויט?"
זוכט איינע אַ שטיקעלע צוקער,
די צווייטע אַ שטיקעלע ברויט.

די עלטסטע פאַרפאָרעט ביים נייען,
פאַרבויגן דעם קאָפּ האָט צו מיר:
— זאָג, פרעמדער, ווער ביסטו, פונוואַנען? —
מיין בליק איצט איך וואַרעם אין איר.

נעם שטאַמלען צעריסענע ווערטער —
פון מאַמע... פון היים... פון פרייד..
טאַיעט דאָס לעמפּל, די שויבן —
דאָס פלעמל טאַנצט פון די רייד.

פאַרוואונדערטע בלייבן מיר זיצן —
די באָרד מיינע שטעכט זיי מיט שרעק.
זיי מעסטן די הענט מיינע, לאַנגע,
וואָס וואַקסן אַריבער דעם ברעג.

מיין צער נעמט מיט אומרו זיי שטיקן,
ביז זיי האָבן דערזען מיטאַמאָל,
אַז עמעץ פון הינטער מיין רוקן,
רעדט צו זיי שטום, אָן אַ קול.

אַן אַנדערער, ערגעץ אַ ווייטער
וואָס ווערט פּלוצים נאָענט און ליב;
זיי האָבן דערקענט מיך אין יענעם —
וואַרעמט אַ פרייד איצט די שטוב.

בינדן זיך אויף זייערע צינגער,
די בענקשאַפט דערשטיקט אין דער פּיין;

זיי גלעטן מיך ליב מיט די פינגער —
צעצינדט זיך דאָס אויג מיינס מיט שיין.

וואַרעמט דאָס ליכט מיינע וואונדן,
ווי ס'וואַרעמט דער גוף זיך פון ווייַן — — —
אין דרויסן צעוויינט זיך דער ווינט,
קלאַפּט אין דער טיר: לאָזט אַריין.

בוכאַראַ, 1942

## אַ לבנה אויפֿן דאַך
□

ווען האָסט דערזען ס׳ערשטע מאָל: „אַ ל׳אונע אָפּן דאַך" —
מיין קינד, ביסט געווען דאַן קוים דריטהאַלבן יאָר —
נאָר מיך האָט געבריט שוין יעדעס וואָרט, יעדער לאַך,
וויל געווען זענען טעג אונדז אַ פּאַר׳מרור׳טע וואָר.

יענע פרייד פון דיין זען, פונעם קינדישן זאָג
האָט אויף וואָכן מיר דעמאָלט מיט כוחות באַנייט;
די האַק און די זעג האָבן פאַרלוירן זייער וואָג
און אַ ניגון האָט ווידער די טעג מיר באַגלייט.

נאָר ווי האָט געטון פאַר דיין קינדישן טרוים,
ווען אַרום האָט די ווייסקייט געשניטן ווי מעסערס;
דאָס דאָרף, אַ פאַרשנייטס, פאַרקאָוועט אין צוים —
און אין וואַלד דער געוואָי פון וועלפישע פרעסערס.

בין איך פאַרנאַכט יעדן טאָג שטיל אַרויס —
דו אויף מיין אַקסל — דער טרוים וואָר און וואַך;
געזען ווי לבנה ווערט ליכטיק און גרויס —
צו זוכן די טרייסט וואָס העלט אויפן דאַך.

פּאַריז, 1954

## פאַרפרוירענע שטערן

□

פאַרן אָנדענק פון מאַקס עריק

א

דער וואַלד, דער ווייסער וואַלד
פון צפון־לאַנד,
האָט געבלענדט אויף מיין טיר.
אַ שטילער ניגון האָט גערופן —
צו מיר?
אין מיר?

ב

דער קאַסטיאָר אין מיט־שנייאיקן פעלד —
האָט געברענט,
דער עיגולדיקער קרייז — געהעלט.
אַ זילבער־פייער האָט געברענט.

דער וואַלד, דער ווייסער וואַלד
האָט זיינע דאַרע הענט געשטרעקט —
און אַ בענקשאַפט געוועקט.
זענען דאָס טויטע הענט?

ג

יתגדל ויתקדש פאַר מיין שכן,
וואָס ליגט אין פאַראייזיקטער ערד.
איבער דיין איינזאַמען קבר —
שפרייט דער שטערן
זיינע שמאָלע פינגער אויס,
נאַכט אויף נאַכט —
זינט יענעם בלויען פאַרנאַכט,
ווען מיר האָבן דיך באַגלייט —
דעם לעצטן גאַנג צוזאַמען.

ד

דאָס ווייסע פעלד איז גרויס,
דער ווייסער וואַלד איז גרעסער —
נאָר טיף דאָרטן טיף,
האָט אַ גרויער וואָלף זיך געוועקט.

און דאָס קבר איז שטום,
און דאָס לייב איז געל.

האָבן מיר דאָס געלע לייב
מיט שטיקער אייז צוגעדעקט.
דאָס קבר פאַרמאַכט מיט אַן אייזיקער דעק,
דער וואָלף זאָל נישט טרעפן אַהערצו דעם וועג.

האָבן זיך געעפנט כאָטש דאַן
די פּאַלאַצן פון קרישטאָל,
וועגן וועלכע האָסט געטרוימט —
אַמאָל, גאָר אַמאָל?

ה

יתגדל ויתקדש, —
די אייזיקע דעק איז פֿאַרמאַכט.

זענען מיר געבליבן פֿאַרלוירענע שטיין:
מיט די פֿאַרפֿרוירענע ביימער — פֿאַר זיך.
מיט דעם פֿאַרפֿרוירענעם פֿלויט — אַרום זיך.
מיט פֿאַרפֿרוירענע הערצער — אין זיך.
מיט פֿאַרפֿרוירענע שטערן — איבער זיך.

פּאַריז, 1962

תפילה פון אַן אבל

□

אין אָנדענק פון רחלען

די טעג זענען האַרבסטיקע, נאַסע.
מיר בלאָנדזשען אין פרעמדע גאַסן —
וועלכע טיר וועט אָנזאָגן: — היים.

חלום איך ביים געוואָי פונעם ווינט —
ווען וועט אַ היים וואַרעמען מיין קינד
און ווען וועט וויגן אונדז אַ בעט?...

שלאָפן מיר אין ליימענע גריבער —
איך, מיין קינד און מיין ברודער,
און יעדער טוליעט זיך אין שרעק...

אונדזער היינט לעבט אַלץ נאָר אין נעכטן,
טריב די פאַרטאָגן, טריב די פאַרנאַכטן —
וואו איז די שיין פאַר אונדזערע טעג?...

ס'האָט אַ חלום מיין בענקשאַפט גענערט:
אויף אַ יונגן, אַ ווייסן צעהירזשעטן פערד —
כ'וועל אָניאָגן מיין גליק אויף אַ גאָלדענעם וועג...

האָט די וואָר — אַ וואָר מיר געבוירן:
כ'האָב דיך, ווייב, צווישן טויטע פאַרלוירן,
ווייזט דיין טויטער פינגער אומעטום — מתים.

לויף איך פון מויער צו מויער,
אין דער אַלטער שטאָט דער גרויער —
זענען אַלע אַרויסגענג פאַרשלאָסן...

און אויף יעדן רוף, איך הער — קרעכץ.
און אויף יעדן שפּאַן, איך זע — מת.
— ווער וועט ברענגען דעם דערלייזער צו פירן?!..

בוכאַראַ, 1943

ווען...

□

ווען עס וואָלט אַזוי זיין ווי דער דיכטער וויל און מיינט,
צי וואָלט דען אַ מאַמע פון צער ווען געוויינט?

צי וואָלט דען דער טאָג זיך אין צער ווען געצירט,
ווען מענטשן — פאַרמשפט — צו תליות מען פירט?

צי וואָלט דען דאָס קוואַליקע וואַסער אין טייך
דעם צדיק געגערט מיטן פאַרברעכער צוגלייך?

ווען אַ וואַלד מיט געפאַר וואָלט געשרעקט,
אַז ערגעץ אין נאָרע איז אַ מערדער פאַרשטעקט?

עס וואָלט דאָך דאָס פעלד אונדז מיט שפע געשפייזט
און יעדערער זקן וואָלט רואיק געשפרייזט

אַנטקעגן דעם גורל וואָס אים איז באַשערט —
און געבענטשט פונעם האַרצן די רו פון דער ערד.

ווען עס וואָלט אַזוי זיין ווי דער דיכטער וויל און מיינט,
צי וואָלט דען אַ מאַמע פון צער ווען געוויינט?

אַ הויז וואָלט אַ היים זיין, דאָס זיין דאָרט אַ פרייד —
און מיין קינד וואָלט געהאַט אַזאַ קלאָרן באַשייד,

אַז די וועלט הייבט זיך אָן — נישט פון אים און פון מיר — — —
איז דער גאַנג אויף צוריק — דורך זיין באָבעס טיר.

איז די טיר דאָך צעבראָכן... און דאָס הויז איז צעשטערט...
בלייבט דאָס קינד מיט זיין קשיא און דאָס אויג זיינס פאַרטרערט.

ווען עס וואָלט אַזוי זיין ווי דער דיכטער וויל און מיינט,
צי וואָלט דען אַ מאַמע פון צער ווען געוויינט ?

לאָדזש, 1947

## אין יענעם וואַלד

□

אין ווילדן וואַלד, וואו כ'האָב געבלאָנדזשעט אַמאָל
אַלעביימער געווען זענען פרעמדע צו מיר.
אָן בוימישן שעפּטש; אָן אַ פויגלישן שיר —
נאַקעט די ביימער — האָבן וואָרצלען געשטאַרצט,
ווי פינגער פאַרפּלאָכטן אַ שטאָם אין אַ שטאָם.

הונגעריק, דורשטיק — איך האָב געבענקט נאָך געזאַנג,
געתפילהט — דער וואַלד זאָל אויפהילכן מיט קלאַנג.
נאָר געווען זענען ביימער פאַרשלאָסן, פאַרמאַכט —
אַלט־ווילדער וואַלד האָט אַ שטומער געשוויגן,
די מורא און בענקשאַפט דעם הונגער פאַרשריגן.

אינעם ווילדן וואַלד וואו כ'האָב געבלאָנדזשעט אַמאָל,
פון פרי־פרי ווען ס'נעמט בלויען, ביז גרויען פאַרנאַכט —
האָט די מורא אין מיר, אַזאַ פינצטער געשטאַלט,
מיט טויזנט קעפּ און מיט הענט ווי די שפּיזן,
אַרום מיר שפּאַצירט צווישן שמאָלינקע סטעזשקעס —
אין אַ מאַנטל, אַ גרינעם, דאָס פּנים פאַרהילט.

און ווען טאָג מיט דער נאַכט זענען געוואָרן פאַרשטעלט,
די הימלען פאַרשלאָסן — פינצטער און קאַלט —
האָבן ביימער אָנגעהויבן זייער וואָיען און רוישן,
דעם קאַלטן געוואָי פון אַלע הונגעריקע אין וואַלד.

בין איך געלעגן פאַרנורעט אין ווייען,
אויף אַ בוים ווי אַ באַרג, צווישן צווייגן באַהאַלטן —
זיך פלוצים צעזונגען, אויפן קול אַ געזאַנג,
פאַר אַלע וואָס בלאָנדזשען אין וואַלדיקן טאָל —
און בענקען, ווי איך, נאָך אַ וואָרט, נאָך אַ קלאַנג.

אין ווילדן וואַלד, כ׳האָב געבלאָנדזשעט אַמאָל.

פאַריז, 1976

### זיבן יאָר

□

זיבן יאָר געשוויגן, זיבן יאָר געשטומט,
אַלע טרויער־לידער האָט דער ווינט געברומט.

גלעזערנע די הימלען ; זון און שטערן — קאַלט ;
זומער איז פאַרווינטערט ; סאָד — אַ טויטער וואַלד.

און דער וואָס ברענגט בטחון, ליגט אַליין געשמידט,
ערגעץ אין אַ הייל וואו דער וואַנזין בריט.

און אַלע, אַלע נאָענטע זענען ערגעץ ווייט,
אין דער בלינדער נאַכט, מיט שוואַרצע בערג פאַרשפּרייט.

זיבן יאָר געשוויגן, זיבן יאָר געוויינט,
ביז די טרער אין האַלדז געוואָרן איז פאַרשטיינט.

פּאַריז, 1956

## שפּיל זיך



שפּיל זיך קינד מיינס, שפּיל,
צייל — אויב קענסט — די שטערן,
נאָר שפּיל זיך אויפן קול,
אַז איך זאָל אויכעט הערן.

דער הימל אַזוי גרויס,
דיין טאַטע אַזוי קליין,
און ער וויל דאָך פאַרשטיין —
דעם סוד פון גאָטס הויז.

שפּיל זיך קינד מיינס, שפּיל.

לאָדזש, 1948

# פאַריתומטע מצבות




פישל רובינליכט

## פאַראַן אַזאַ נאַכט

□

פאַראַן אַזאַ נאַכט, עס ברענען זעקס ליכט,
גייסטו צום ווינקל פון ביכער פאַרשטעלט,
שטייט דאָרט אַ שקעטעלע — אַ לעצט געדעכעניש —
אַשיקע שטויבן פון מיין פאַרשוואונדענער וועלט.

אָ, יענער טרויער־גאַנג פון יתומים צוויי,
געקומען פון ווייטע, פינצטערע וועגן —
אַהין צו דעם אָרט פון פאַרלאָשענעם גיהנום,
וואו יעדער וועג איז אויסגערונען
און געבליבן איז אַ צייכן —
דער אַשיקער שייטער.

●

געווען אַזאַ תשרי־טאָג אַ העלער —
איבער דער בראַנדיקער ערד —
די זון — אַ פלאַמיקער קאָפּ,
געברענט האָט — אָן פייער;
געבריט האָט — אָן פלאַם;
געשווערט האָט — אָן משא.

ס'איז אַלצדינג שוין געווען פֿאַרגליווערט —
די קוימענס, באַראַקן און שפּיזיקע פלויטן.

און הינטער באַראַקן,
אין פעלד ערגעץ ווייט,
אַ שייטער פאַרלאָשן,
מיט אַשיקע שטויבן.

●

יעקבס לייטער איז דאָרט נישט געשטאַנען,
די מלאכים זענען נישט געגאַנגען
אַראָפּ — און שפּעטער אַרויף...

דאָרט איז מיין טאַטע געגאַנגען,
מיינע שוועסטער יונגע —
אָן לייטער געגאַנגען,
אַרויף, אַרויף, אַרויף —
און שוואַרצע וואָלקנס געוואָרן.

●

איז יאָרצייט־נאַכט היינט,
ביי אַ פאַרמאַכטער טיר.
אין אַ פינצטער ווינקעלע,
זעקס ליכטער צעשטעלט —
פאַרן קעסטעלע אַש,
אַ לעצט געדעכעניש —
אויפגעקליבענע שטויבן,
פון אַ פאַרשוואונדענער וועלט.

אוישוויץ, 1947

## ל ע צ ט ע ר  ג אַ נ ג

□

### א

אויפגעפּראַלטע טירן, צעציטערטע די שויבן,
קרעכצן אויפן ברוק, קינדערשע יללות...
צעצאַפּלטע די פייגל, טראָפּנס בלוט זיי קלויבן,
פליען צו די הימלען מיט דערשטיקטע קללות.

דאָס טרייבט מען איצט מיין מאַמע מיט דער גרויער עדה,
דעם טאַטנס לעצטער קרעכץ מאַכט קראַמפּיק אירע ליפּן:
— אל רחום וחנון, דו זיי איר באַגלייטער —
ברענג זי צוריק אַהיים, ווי ברענגסט צום ברעג די שיפן.

מיין מאַמע קוקט פאַרשטאַרט פון שרעקן אַ פאַרבלויטע,
איר גלאָצנדיקער בליק זוכט ווייט, ערגעץ ווייט.
צעברענט — אַ פייער־טאָפּ — די זון גליט אַ רויטע,
רייסט זיך פון איר הימל־קרוין, פון דער בלויער שייד.

אַרויף קוקט די מאַמע צום שרפהדיקן הימל,
זוכט דאָרט אירע קינדער, פאַרוואָגלט אין דער פרעמד.
אַ פייפעריי — געיאָמער, רעש, געוואַלד און טומל —
די אימה בריט אַ יעדערן, ווי ס'וואָלט די ערד געברענט.

און עס וואָלט זיך אינעם פייער אַלצדינג אָנגעצונדן —
די מענטשן מיט די הייזער, אַלע גאַסן פון אַרום.

אַ שוואַרצער רייטער שניידט די לופט — אַלץ ווערט פאַרשוואונדן —
דער מאַרק בלייבט אַ טויטער אויף אַ תליה הענגען שטום...

ב

ביים פענצטער זיצט דער טאַטע — אַ בליץ צעבליצט זיין וואָר:
„מע־האָט־צו־דער־עקדה־זיי־אַלע־דאָך־געפירט..." —
פלוצים ווערט זיין שוואַרצער קאָפּ באַשיט מיט ווייסע האָר —
דאָס אויג אין גרויען גליווער און דער בליק פאַרפרירט.

עפנט זיך אַ וואַנט, עס קומט אַרויס די מאַמע
זי רופט אים מיטן פינגער: „קום מיט מיר, קום מיט"...
טראָגן מער די פיס נישט, זיי זענען שטאַרע, לאָמע —
ער הערט נאָר עמעץ שרייט און שמייסט אים מיט אַ ריט.

•

אַ געלע נאַכט, אַ מת — די זון איז אויסגערונען;
טויטע שטערן פאַלן — דער מילכוועג בלייבט צעשיינט.
פון טאַטנס שטוב, פאַרלאָזן, הערט זיך נאָר אַ ברומען,
דאָס ווײנט אַזוי די ליידיקייט — מיין טאַטנס קול פאַרשטיינט.

לאָדזש, 1946

## באלאדע פון א יתום



גיי איך צו מיין טאַטנס הויז
טיר און טויער צוגעשלאָסן.
הער איך פון אַ שטוב אַרויס:
„ס'איז דיין טאַטע אויך געשאָסן...״

רוף איך צו דעם פענצטער-אויג:
— עפן מאַמע, עפן אויף.
טוט זיך ווער פאַר מיר אַ נייג:
— ס'איז איר קבר דאָ אין הויף.

גיי איך צו מיין זיידנס הויז,
איז די טיר אויף שלאָס פאַרמאַכט.
הער איך פון אַ שטוב אַרויס:
„ס'איז דיין זיידע אומגעבראַכט״.

רוף איך צו דעם פענצטער־אויג:
— באָבע האָסט מיך נישט דערקענט?
טוט זיך ווער פאַר מיר אַ נייג:
— זי איז לעבעדיק פאַרברענט...

גיי איך צו מיין שוועסטערס הויז,
קלאַפּ איך אין דער טיר אָן שטאַרק.
הער איך פון אַ שטוב אַרויס:
„אויפגעהאָנגען זי אין מאַרק...״

רוף איך צו דעם פענצטער־אויג:
— ברודער מיינער דאָס בין איך.
טוט זיך ווער פאַר מיר אַ נייג:
— ער זוכט דעם וועג צו זיין משיח...

גיי איך פון דער שטאָט אַרויס,
דער טאָג איז ווי אַ וואונד צעגליט.
אַלע וועגן גייען אויס
און איך זוך מיין ברודער׳ס טריט...

לאָדזש, 1947

## קדיש

□

פאַר טאַטע־מאַמע אַ יאָרצייט־ליכט

קדיש זאָגן דאַרף מען נאָר בציבור,
ביי ליכט געצונדענע פאַר אַ מנין יידן —
אַזוי האָבן זיידעס בערדיקע זיך געפירט.
נאָר וואָס זאָל יענער טון וואָס דאַוונט שטום אין זיך,
איינער וואָס שטרעקט־אויף, ווי מנורות, זיינע הענט
און זאָגט אַלע תפילות — שטילערהייט —
צווישן גרויע, ליידיק־שטומע ווענט?

וואָס זאָל יענער טון וואָס דאַוונט נאָר אין זיך?

וואו זאָל גיין אַזעלכער, נישט צו זיין געגאַרט
איינער אַזאַ, וואָס קוקט טיפער אין זיין צער —
צו דערזען דאָס נאַקעט־חרובדיקע פעלד,
אין אַ פאַרמיאוסטער — גרויס־שיינער וועלט?
רופט ער אַ פאַרשעמטער צו זיין אַלמאַכט — האַר —
צו דעם וואָס יעדער וויל אים גלויבן,
אַז פאַר פאַרוואַנדלען אַלדאָס לעבעדיקע אין שטויבן,
קומט אים פאַרן צער — שטילע לויבן.

וואו זאָל קדיש זאָגן יענער, וואָס בלייבט אַזוי אַליין?

פאַריז, 1965

מאמע

□

וואו עס רוט דיין געביין איז טרויעריק די ערד.
ווען איך זאָל כאָטש וויסן וואו ס׳געפינט זיך דיין קבר —
וואָלטס יעדן טאָג דאָרט מיין תפילה געהערט
צוזאַמען מיט דעם ציטער פון מיין יעדן אבר.

כ׳האָב אויסגעהערט שוין אַלע וועגן,
אפשר וועט אַ שטיין דערציילן פון דיר,
נאָר כ׳קען זיך אין ערגעץ גאָרנישט דערפרעגן —
דער סוד איז שטום, ווי דער שלאָס אויף דיין טיר.

מאַמע.

לאָדזש, 1948

טאַטע



ס'האָט עמעץ פון געטאָ דיין נאָמען דערמאָנט,
צאַפּלט דאָס האַרץ מיינס אין אומגליק דערקאָנט;
דיין גאַנג — זאָגט יענער — צום טויט אפילו,
געווען איז ריין אַזוי ווי דיין תפילה
אין פריע פאַרטאָגן, אין שעהן שטילע.

אַ בראַנדיקע זון געברענט האָט דאָס אָרט,
בלוט האָט געטריפט פון דיין זילבערנער באָרד.
נאָר דו ביסט געגאַנגען אַ שטאָלצער דיין גאַנג,
געלאָשן דעם טאָג אין אַ שטילן פאַרגאַנג —
זילבערט מיין וואָרט היינט, אַ טרער אין געזאַנג.

ט אַ ט ע.

לאָדזש, 1948

## אין פאַרבויטער שטאָט

□

און אַז כ׳וועל שטיין ביי דער מויער דאָ און שווייגן,
ווי די ווערבע וואָס וואַקסט דאָרט אין גאָרטן,
אויף חורבות — צעקרישלטע ציגל,
אונטער אַ הימל מיט גלאָציקע שטערן —
צי וועל איך דורך שטילקייט נישט הערן,
צי וועל איך דורך מויערן נישט פילן,
אַז אונטער די שטיינער וואָס קילן,
ליגט עמעץ — צעבראָכן די פליגל —
וואָס איז צו זיין פלי נישט דערפלויגן.

הער.

פאַרשליס איך מיין צער אין שווייגן,
ווי עס שווייגט די ווערבע אין גאָרטן.
דעם קאָפּ האַלט איך טיפער געבויגן
און פעסטער פאַרשלאָסן די אויגן —
דורך פינצטערניש גאָרנישט צו זען.
און ווי איבער אַ קבר געבויגן,
פאַרשפּיצט אינעם דינסטן געהער,
איך הער פון די שיכטן אַפער,
אַז עמעץ מיך רופט דאָרטן —

ווער?

וואַרשע, 1963

## אויף קבר־אבות

□

חיים סעמיאַטיצקי און פּעסי ווײַלאַנד —
אין געדענקשאַפט

איך וועל אייער קול קיינמאָל מער נישט הערן,
כאָטש די קלאַנגען לעבן נאָך אין מיר,
אַלע שיינע רייד — צו וועלכע כ׳טו צוריקקערן —
אַ מאָל אַן אויפדערנאַכט, ביי אַ פאַרמאַכטער טיר.

קום איך איצט אַהער צו זוכן אייערע שפּורן —
גרויען שטויב די טריט, וואָס איר האָט דאָ געלאָזט ;
איך וויל אין צער פאַרקלעמטער אויף אַלטע וועגן פאָרן,
צו הערן אייער ניגון — אינעם ווינטס אַ בלאָז.

די וועגן די פאַרמוויערטע זענען מיר אויך היימיש,
מיין חלום פון די טעג, אין חלום איז געשפּאַנט...
היינט, אָ־ווײ, אָ־ווײ — עס איז מיין גאַנג אַ ווײי־מיש
פון בענקשאַפטן דערוואָרגענע, וואָס ווערן בלויז געאַנט.

וואַרשע, 1963

## צו שאָפּען

□

מייסטער בלאַסער, דו וועסט נישט פאַרוויגן,
די גרויליקע פּיין דערשטיקט אין דיין שטאָט.
ביינאַכט אונטער הייזער וויינען נאָר שטיינער —
ציטערט דיין ניגון אויף בוים און אויף דראָט.

דער וואָס האָט רואיק געקוקט אויף דער געטאָ,
אין בראַנדיקן רויך, אין פלאַמען פון טויט —
פאַרשיכורט מיט בראָנפן ביז היינט זיינע נעכט
און וואַרגט זיין קאָשמאַר, פאַרטאָגס ווען עס גרויט.

מייסטער בלאַסער, פאַר וועמען די קלאַנגען? —
די שוואַרצע קלאַווישן זיי שפּילן אַליין.
עס הערן נאָר די וואָס מען וויל דאָ פאַרגעסן —
און צעמאָלט ווערט אויף שטויבן דער קבר־שטיין.

דיין „טרויער־מאַרש" איצטער באַגלייט מיך אויף גאַסן,
פון ווייסל צו דזשיקע, מיין אַמאָליקע היים.
דאָ האָב איך געהערט מיין קינדס פרייד־געשרייען
און שפּעטער זיין ערשטן מורא־געוויין.

מייסטער בלאַסער, נישט מיט „וואַלץ" און „נאָקטורן",
נישט מיט „פינפטע סימפאָניע" די פּיין ווערט פאַרווישט.
ביינאַכט אונטער הייזער עס וויינען די שטיינער,
באַגלייט פון דיין ווייסן און שוואַרצן קלאַוויש.

וואַרשע, 1963

## פאַריתומטע שטיינער



די מצבות אויפן געגשער בית־עולם,
ווי יתומים זיי שטייען פאַרשעמט ;
אויב שטיינער האָבן אויך הערצער,
זענען זייערע הערצער פאַרקלעמט.

איך ווייס נישט צי טויטע דערהערן
צי קענען די טויטע פאַרשטיין —
דעם צער פון פאַריתומטע שטיינער,
ווען ס׳קומט קיינער צו זיי מיט געוויין.

דער גענשער בית־עולם אין שקיעה,
דער י. ל. פרץ־אוהל ברענט ;
מיר וואָלטן געמעגט רייסן קריעה
פון אונדזערע היימישע ווענט.

ס׳איז איצטער דער חודש אלול —
דאָס יאָר תשכ״ג גימל ;
אויב מען קען נישט צעקרישלען די ווענט,
לאָמיר פרואוון צערייסן דעם הימל.

וואַרשע, 1963

## לאָמיר ברענגען אַ היים

□

לאָמיר ברענגען אַ היים אונדזערע טויטע,
נאָך איידער משיח דאַרף קומען;
די בית־עלמינס צעשטערט, שוין פאַרבויטע,
קאָנען זייער צער נישט פאַרשטומען.

פון כעלמנאָ, אַן אויג פאַרשטאַרט — מיט ירגזון —
אין מיינע טעג קוקט אַריין מיט אַ מאָנען;
מיין מאַמעס קול מיט אירע טויזנט פאַרוואָסן —
מיט מיין צער איך שיק אָפּ צו גאָטס טראָנען.

איך האָב געזען היינט אַ יידן, אַן אַלטן,
וועלכער קומט פון די וויסטע מקומות;
זיינע וואונדן ער קאָן נישט באַהאַלטן —
זיי ברענען מיט פינצטערע תהומות.

אל רחמים — דו גאָט פון די אָבות —
די ערד איז שוין מער נישט דיין שייער ;
פאַראבלט זיצן מאַמעס אין די ראָוועס,
ווען דער הימל ברענט ווידער מיט פייער.

לאָמיר ברענגען אַ היים אונדזערע טויטע,
נאָך איידער משיח דאַרף קומען ;
די בית־עלמינס צעשטערט, שוין פאַרבויטע,
קאָנען זייער צער נישט פאַרשטומען.

פאַריז, 1971

ערב אויפשטאַנד

□

א

אין יענער, יענער נאַכט,
האָט יעדערער זיין פיין
אָנגעשאַרפט אין האַס
ווי עס שאַרפט
דער העקער אָן זיין האַק
וואָס בלאַנקט
מיט שיכרותדיקער שיין...

ב

אין יענער, יענער נאַכט,
איינער. איין־אַליין,
יאָגט זיך איבער גאַס
דער בשורה־ברענגער,

דער אַלטער גרייז,
אליהו.
זיין פנים ווייס,
לבנה׳יק, זילבער־בלאַס,
נאָר צאָרנדיק פון האַס —
מיט דעם כוח פון אַ ריז...

צעבלוטיקט איז זיין קאָפּ,
צעבלוטיקטע די פיס,
צייכנט ער דעם וועג,
אַ רויטע צייכנשנור
וואָס פירן וועט אַרויף,
אַלע, אַלע,
אויף דעם זעלבן שפּור
צו די העכסטע הייכן...

ג

אין יענער, יענער נאַכט,
גייט דער שומר אויף דער וואַך
וואַרט דער בשורה־ברענגער —
דעם אויסגעבענקטן צייכן.
אייביק איז דאָס וואַרטן...

ווערט גרוי דער שומר אויף דער וואַך
ווערט אַלט דער שומר אויף דער וואַך —
און שלאָגט דעם גרויען אַלטן קאָפּ
אין מויער דעם האַרטן —
בלוטיק בלייבט אַ צייכן — — - -

און אין דער מינוט,
ווי אַ פּייערזייל זאָל אָנצונדן די ווייט —
דער שומר זעט:
דער בשורה־ברענגער גייט...

נישט אויף קיין פייערוואָגן,
נישט אויף וואָלקן וואָס ברענט —
עס שפּאַנט דער אַלטער נביא,
צווישן חרובדיקע ווענט.
זיין פּנים זילבעריק בלאַס

איז מיט צאָרן פאַרגאָסן,
מיט גליאיקן האַס.

זענען מיט אַ בשורה אַוועק —
זיבן יונגען,
זיבן ריזן.
יעדער אויף אַן אַנדערן וועג
איבער זיבן פאַרשוואַרצטע קאַנאַלן —
אַ בשורה צעטראָגן, וואָס ברענט.

•

ווערן אויפגעציטערט די ווענט,
אויפגעלויכטן ווערן די הייכן, —
די שטיינער בראַנדיקע — גליען.
דער בשורה־ברענגער גייט.
באַלד וועט ער
דעם שומרס טראָט דערגרייכן.
ווערט זיין אויג צעברענט,
בלוט מיט בלוט
האָט אין פיינען זיך דערקענט.

שאַלט־אויף דעם שומרס רוף
אין פרימאָרגנדיקן בלענד,
אַז צעצונדן ווערן די ווייטסטע אַרומען:
— מ ר ד כ י , מ ר ד כ י ! —
די שעה איז שוין געקומען!

לאָדזש, 1948

## די דרייסטע

□

דעם אָנדענק פון שמואל זיגלבוים

ווען קומען זיי די דרייסטע?
וואו וואַקסן זיי די גלייבערס?
וואָס זענען זיי — די סופן,
אָדער ליכטיקע אָנהייבערס?

ווען קומען זיי די דרייסטע

אַלע וועגן ווערן אייגן.
אַלע שטרויכלונגען — צעשטערט.
יעדע טונקלעניש — באַלויכטן.
יעדע פרעגעניש — דערהערט.

ווען קומען זיי די דרייסטע?

זייער גורל איז: — באַשיידן —
גאָרנישט, גאָרנישט אויסצומיידן.
ווערן זיי דורך טאַט פאַרלאָשן —
פונדאָסניי זיך אָנצוהייבן.

ווען קומען זיי די דרייסטע?

פאַריז, 1961

ז ע ק ס ל י כ ט



לזכרון ש. כנאַ זאַגאַן, מיט וועמען
געשלאָסן די לעצטע „אַרבעטער־צייטונג״

דער טאָג מיט דער נאַכט גיסן זיך צונויף. עס איז די יאָר־צייט־נאַכט נאָך אונדזערע נאָענטסטע. אַוועקגעקומענע.
— אומגעקומען על קידוש־השם. על קידוש־העם. על קי־דוש־המענטש.

די פינצטערניש גרייכט אין דער טיף. נעמט אַרום אַלע וועלטן. ווערט דער הימל שוואַרץ ווי די ערד. ווערט אונ־דזער ערד אָנגעצונדן אין זעקס מיליאָן פלעמלעך, וואָס צאַנקען אין בראַנדיקער שיין.

— פאַר די יתומים. — פאַר די אבילים. — פאַרן יתומדיקן פאָלק.

עס איז די צוועלפטע שעה. יזכור — די שעה פון דערמאָ־נונג. די נאַכט גיסט זיך אַריין אין אַ נייעם טאָג, וואָס לעבט אויף די גבורהדיקע טאַט פון אומקום.

די פינצטערניש גרייכט טיפער. אַלץ איז געוואָרן שוואַרץ. אַרום איז גאָלע נאַכט. הוילע שטומקייט.



מ. וואַלדמאַן

האַלט איין דעם אָטעם. ס׳איז די מינוט פון קדושהדיקן באַהעפטן זיך מיט יענער נאַכט פון אומקום.

י ת ג ד ל  ו י ת ק ד ש.

●

אַ געשריי פלאַצט אויף, ווי אַ דונער וואָלט זיך געקייקלט איבער אַלע הימלען. געוועקט און געמאָנט צום אָנדענק פון די אומגעברענגטע — אַוועקגעקומענע, פאַרשוואונדענע.

י ת ג ד ל  ו י ת ק ד ש.

ווערן אונדזערע שטיבער פול מיט שלוכצן. מיט טרויער־געוויין.

— לאָמיר אָנצינדן ליכט. זעקס נשמה־ליכט נאָך די טויטע:

— געשטאָרבענע. פאַרסמטע און אַליין־פאַרסמטע. — גע־האָנגענע. — אומגעקומען מיט אַלע מיתה משנות. — פאַר־גאַזטע און פאַרברענטע.

לאָמיר אָנצינדן זעקס נשמה־ליכט — לזכרון:

מאַמעס און טאַטעס. אַלטע זיידעס און באָבעס. — שוועס־טער און ברידער. — יונגע קינדערלעך, ערשט געבוירענע און די וואָס האָבן נישט באַוויזן צו דערזען דאָס ליכט פון אַ טאָג...

— פאַר אומגעבראַכטע, וואָס האָבן קיינעם נישט איבער־געלאָזט אויף דער וועלט.

— פאַר יענע וואָס האָבן אויסגעשטרעקט צו אונדז אַ העלפנדיקע האַנט אין די שווערע טעג פון פיין — און גע־פאַלן ווי קדושים.

לאָמיר אָנצינדן זעקס ליכט נאָך די גיבורים:

פון כעלמאָ, אוישוויץ, מאַידאַנעק און טרעבלינקע. פון סאָבי באָר און באַבי יאַר.

— פון אַלע געטאָס. — פון אַלע וועלדער.

— פון ביאַליסטאָק. פון ווילנע. פון וואַרשע.

די פלאַמענדיקע ליכט ברענגען צוריק די נשמות פון קדו־שים, וואָס קלאַפּן אָן אין אונדזערע פענצטער. זיי באַהעפטן זיך מיט אונדזער שטומען וויי, מיט אונדזער שווייגן.

זיי מאָנען: געדענקט.

●

דער קאָשמאַר פון יענע טרויעריקע טעג גייט ווידער אויף. ברענט און בריט מיט אַלע גיהנום־פייערן.

לאָמיר אַריינבליקן אין יענער נאַכט אַריין. ווידער דערזען די וואָגנס און וואַגאָנעס — מיט אונדזערע נאָענטסטע, וועמען מען פירט דעם לעצטן וועג.

לאָמיר אויפכאַפּן זייער געבעט. זייער יללהדיק געוויין. זייער קרעכץ. דעם לעצטן כאָרכלענדיקן אָטעם.

לאָמיר אַריבערקוקן צום צוג פון קינדער אין זייער קדו־שהדיקן גאַנג, צוזאַמען מיט יאַנוש קאָרטשאַק.

לאָמיר אַריינבליקן אין יענע חושכדיקע גאַסן, וואו רוצ־חים מיט אויפגעהויבענע העק טרייבן יידן צו די וויינענ־דיקע פעלדער פון פּאָנאַר.

●

זעקס ליכט. זעקס יאָרצייט־ליכט ברענען.

לאָמיר אַריינקוקן אין די פלאַמען פון ברענענדיקן געטאָ

און דערזען מרדכי אַנילעוויטשעס דראָענדיקע האַנט — צווישן פאַלנדיקע ווענט.

אין די פלאַמען קומען אַרויס די קעמפער פון געטאָ. זייערע בליקן דרייסט. זיי ליכטיקן מיטן פייער פון נקמה. לאָמיר אַריינגעמען אין זיך זייער מוט און גבורה.

און לאָמיר אַראָפּגיין אין די פאַרהוילענע בונקערס. צו די וואָס האָבן, צוזאַמען מיט עמנואל רינגעלבלום, געשריבן דעם פּנקס פון מאַרטירערישן אויפגאַנג. פון גבורהדיקן אומקום. לאָמיר ווידער איבערלייענען זייערע געשריבענע בלעטער, וואָס ברענען ווי פייער.

ס'איז יאָרצייט־נאַכט.

ז ע ק ס ל י כ ט ב ר ע נ ע ן.

פּאַריז, 1949

## קומט מיר אויף אַ טרוים



מיין אָפּגעראַטעוועטן ברודער אהרן

געווען דאָס איז אין יענער ווייטער קינדערישער צייט,
ווען אַלע וועגן האָבן מיר געשמייכלט מיט אַ פרייער בלויער ווייט.

ווי ברויט אין באַקן וואַקסט און ברוינט, געוואַקסן איז מיט מיר די ערד,
האָב איך אַ יעדן טאָג משיח'ן געוואַרט — אויף זיין ווייסן פערד.

דער טאַטע האָט געלעבט, די מאַמע וואָס האָט זיך אין איר קינד געצירט
און יעדן אָוונט פאַרן שלאָפן מיך אין אַ בלויער מעשה־וועלט געפירט.

דער זיידע וואָס האָט שבת־בראשית די ערשטע פרשה חומש מיך
פאַרהערט,
געלויבט דערביי מיט פשוט וואָרט דעם האַר פון הימל און פון ערד.

געווען איז דאָס יענע ווייטע טעג מיט יאָרן שוין צוריק,
ווען כ'האָב מיט מיין חבר איציק אויסגעטרוימט די כישוף־בריק,

דורך וועלכער — צוויי בלאָנדזשענדיקע שעפעלעך אויף גאָטס וועלט —
מיר וועלן גיין צום לאַנד וואָס איז מיט לויטער זון באַהעלט.

און האָבנדיק דערגאַנגען און פון וואַנדער זיין שוין מיד —
רוען אונטער אַ פּאַלמע־בוים און פון יצחק'ס מלאך זיין געהיט.

גענערט זיך מיטן טרוים פון טייטלען, באָקסער, פייגן —
און מיט גאָלדענע פּירות וואָס פאַלן פון די צווייגן.

אַזוי האָט זיך געטראַכט אין יענער קינדערישער צייט,
ווען אַלע וועגן האָבן געשמייכלט מיט אַ פרייער בלויער ווייט. — — —

●

בין איך היינט אַוועק אין געטאָ־שטאָט, וואָס אין חורבה ליגט פאַרשפּרייט,
אויף קבר־אבות — מיט אַ תפילה צו די גרוזן. — ס'האָט מיין קינד מיך באַגלייט.

און מיט איין וואָרט: „וואו איז מיין היים?" — אויפגעוועקט מיין אַלטן טרוים
וואָס ליגט פאַרוואָרפן אין שטעטלשן טייך, וואו איצט בלעזלט גרינער שוים.

נאָר אַנדערש איז דער טרוים אין דער וואָר אויף גרוז און ליים,
ווען ס'רייסט דער ווינט מיך ביי די פּאָלעס און ס'וויינט מיין קינד:
„אַ היים".

לאָדזש, 1946

ו א ז  א י ז  י ש ר א ל  ש ט ע ר ן



אויף וועלכן שטיין איז דער דיכטער דאָ געלעגן,
אין שטומקייט פֿאַרשלאָסן, שוין גאָרנישט צו פֿרעגן.

אפֿילו ביי גאָט: — ווען עס בלוטיקט די וועלט,
פֿאַרוואָס האָסטו דיין אויער מיט טויבקייט פֿאַרשטעלט?

זוך איך דאָס אָרט, וואו ס׳איז דער דיכטער געלעגן
און קען זיך ביי קיינעם שוין גאָרנישט דערפֿרעגן.

וואַרשע, 1963

## מיין מלכות ישראל
□

רבי עקיבא, רבי עקיבא, ס'וועט דיין טרוים איצטער וואָר,
וואָס געחלומט האָבן מיינע זיידעס — צוויי טויזנט יאָר —
און די זין פון מיין דור האָבן ווידער דערקענט —
ווען דער טאָג און די נאַכט האָבן אין שרפה געברענט.

מיטן בלוט פון דיין לייב האָסט געצאָלט פאַר דיין טרוים
ווען האָסט מורד געווען קעגן קנעכטשאַפט פון רוים.
אַלע טויזנטער יאָרן, פון דעמאָלט ביז היינט,
מיר פילן די שווערד וואָס עס שטרעקט אונדז דער פיינט.

דאָס לאַנד דיינס — געוויסט האָט; געבענקט האָט די ערד;
פון די קרייצונגען, גירושים, האָט דאָס פאָלק נישט געצערט.
נישט פאַרגאַנגען אין דאַרן, נאָר אין טרויער געבליט —
זיך גשטאַרקט מיט בטחון פון דיין צעהעלטן געמיט.

מיר האָבן דערפילט שוין נישט ווייניק נגישות
פון רויבער באַרויבט זיין... פון מיתות, הריגות...
אויף שייטערס געברענט און נישט געוואָרן פאַרברענט —
נאָר אין פיינען מיר האָבן זיך בעסער דערקענט.

אַז מיר קוקן אין תהום — אַ בליק אויף צוריק דאָרט —
מיר זעען־זיי קומען — עס גייען געפּאָרט:
פון די „דריי מתנות" דאָס מיידל — פאַרמשפט...
דער מהר"ל און דער גולם — די אויגן צעשרפעט...

פון אַ טייך אין קאַסטיליע, אַ ייד שווימט אַרויס,
צעוואונדיקט דאָס לייב — און דער קאָפּ אַזוי גרויס...
ס'גייט לעקערט אַ שטאָלצער פון דער תליה אַראָפּ...
און ס'קומט מרדכי פון געטאָ מיט געהויבענעם קאָפּ,

איז געוואָרן באַשערט אונדז דערלעבן נאָך יאָרן,
צו זען ווי עס פלאַמט אין פעלד נאָך דער דאָרן,
וואָס משה דער פּיטער, האָט ווי אַ צייכן דערקענט —
אין שליחות צו גיין אין דער מצרישער פרעמד.

ברענט אַלץ דער דאָרן, אַ צייכן פון דורות —
און מיר פלאַמען־מיט, ווי די ליכט פון מנורות — — —
ווערט אונדז אַנטפּלעקט היינט דער צייכן פון קדושה:
פון קרבן ווערט גואל אין אונדזער ירושה.

רבי עקיבא, רבי עקיבא, ס'ווערט דיין טרוים איצטער וואָר,
וואָס געחלומט האָבן מיינע זיידעס — צוויי טויזנט יאָר —
און די זין פון מיין דור האָבן ווידער דערקענט —
ווען דער טאָג און די נאַכט האָבן אין שרפה געברענט.

לאָדזש, 1947

## צינד אָן אַ ליכטיקן פאַקל



יוסף פרעסמאַן

## דער לייב פון תל־חי

□

דער לייב פון תל־חי — וויינט נישט,
דער לייב פון תל־חי — שרייט,
דער לייב פון תל־חי — בעט,
דער לייב פון תל־חי — מאָנט.

פאַרגליווערטע שווייגן די בערג,
וואָס האָבן פאַרשלאָפן דאָס גרינען,
דאָס בליען און וואַקסן
פון גראָזן אוןביימער.

שרייט דער לייב פון תל־חי
אַ הילכיק געשריי.
זיין ברום וואָס ער ברומט —
צעציטערט די בערג.

קוילערט זיך דער רוף,
ווי עס וואָלטן
אַ דונער מיט אַ דונער
אורשטאַמיק זיך באַגעגנט.

ווערט פול דער טאָל
מיט ברויזנדיק געשריי:
ב ר א ש י ת —
אויפגיין זאָל דאָ לעבן.
ב ר א ש י ת —
גרינען זאָל דער טאָל.

כפר גלעדי, 1957

# צינד אָן אַ ליכטיקן פלאַם

□

פאַר דב סדן

דו מאַן פון אַלטן שטאַם —
גיי אַרויס אין די טונקעלע נעכט,
צינד אָן אַ ליכטיקן פלאַם
ווי עס האָבן דאָס געטון אַ מאָל
די היטער'ס פון גאָטס הויז.
דו זיצסט אויף יענעם באַרג
וואוהין עס בליקן גאָטס קינדער.

ערגעץ אין די גרויע ווייטן,
וואַרט מען אויף אַ צייכן,
וואַרט מען אויף אַ רוף,
וואָס זאָל קומען מיט אויפשאַל,
מיט בלויער ליכט —
פאַרהעלן די נאַכט —
וואָס גייט אויף פון דיינע הייכן.

מיין יונג־פאַרגרויטע מאַמע,
האָט דאָס בלויע ליכט זיך נישט דערוואַרט;
נישט דער בענקענדיקער טאַטע
האָט באַוויזן די וואָר צו דערזען.

און איך, ווי אַלע אין די גרויע ווייטן,
וואַרט אויף דעם ליכט פון דיין שטורקאַץ —
פאַר יעדן זון־פאַרגאַנג.

•

דו מאַן פון אַלטן שטאַם,
גיי ארויס אין די טונקעלע נעכט
און צינד אָן אַ ליכטיקן פלאַם.

פאַריז, 1974

## דער זקן פון צפת



בין געווען ערשט אין צפת,
איר בלויקייט געטרונקען,
ווען פון הייזער, ביינאַכט,
האָבן שטערן געוואונקען.

לייכטן שטערן אין הויז? —
אין צפת איז דאָס מעגלעך;
דאָרט רוט נאָך די בענטשונג
אויף באַרגיקע שטעגלעך.

ווי אַלט שוין די בערג
און וויפל די שטעגן? —
דער זקן נאָר קען דיר
באַשיידן דיין פרעגן.

דער זקן איז ווייס שוין,
שאַרף איז זיין בליק. —
דאָס האָט ער געפירט מיך
אויף די וועגן צוריק.

און ער האָט געלאָזט מיך
אין שטילקייט דערהערן,
דאָס קול פון די שטיינער
וואָס לייכטן ווי שטערן.

פּאַריז, 1974

## אין אַ שטוב אויף רחוב צפניה

□

קינדעריש געזאַנג פון תורה־לערנער —
איז די ברכה אויפן ברויט
פון מיין חברס טיש.

גייען יידן יעצט צו שחרית
אין שאָטן־שיין פון רחוב צפניה,
געהילט אינעם ליכט פון טליתים —
ברענגען זייערע תפילות —
פאַרן ליכט אין זייערע היימען.

בעט איך שטומערהייט —
אַ געבעט נאָר מיט די אויגן :
— טוט תפילה אויך פאַר מיר,
ווען איך הער איצט
די שירה פון פייגל —
גרוסן פון ווייטע הימלען.

ירושלים, 1972

## גאַנג־אַרויף צו ירושלים

□

### א

פון דעם ערשטן אַלף אין רבינס אַלטן סידור,
אין פריִען אָנהייב, יאָר נאָך יאָר,
אויף דיינע טרעפּ איך בין געשטיגן —
מיין חלומדיקע, בלויע וואָר.

אויף אַלע נע־ונדן מיינע —
דורך קאַלטן צפון־וואַלד דעם ווייסן,
דורך ווייסטן דרום־מדבר הייסן —
געגאַנגען כ׳בין צו דיינע הייכן,
וואָר, מיין ליכטיקע וואָר,
וואָס איך זע ערשט אין רייפקייט
פון מיינע פרי־פאַרגרויטע האָר.

●

ווער האָט מיך היינט געברענגט אַהער,
שטאָט פון מיין טאַטנס חלום,
פון מיין זיידנס ליכטיקע בענטשונג —
ווען אַ קינד קוים פון יאָרן פיר,
איך האָב געהערט די בראשיתדיקע ברכה
אויף דער שוועל פון זיין אָפענער טיר.

ב

היינט איז מיין עליה צו דיר
נישט מיט פאַרשטויבטע, באָרוועסע פיס,
ווי ס'איז דער זקן פון תימן געגאַנגען —
פול מיט שירה, מיט תפילה און לויב.

מיינע שיך האָבן אפילו נישט דעם שטויב
פון יענע צעריסענע, שטייניקע וועגן,
וואו די געבליבענע בלוט־טראָפּנס
בליען אויף אין ווינטיקע נעכט.

ג

מיין ספרדישע טאכטערס אַ שטאָם־ברודער,
פון די אַטלאַס־בערג געקומען אַהער,
ער פירט מיך אויף אַ געפלאַסטערטן וועג —
וואָס געפירט האָט דיינע זין צו נצחון.

גריסן מיך די בערג פון יהודה
מיט זוניק העלן געזאַנג,
שטאָט דו ליכטיקע — ירושלים של זהב.

מיין שכן, פון די אַטלאַס־בערג געקומען אַהער,
זינגט אויף דאָס צעצויגן פאַרבענקטע ליד,
אין וועלכן כ'הער דעם ניגון פון זיינע זיידעס.

און אפשר גאָר, אפשר איז פאַרקערט ? —
דאָס געזאַנג פון דעם יונגן בן־זקן
מאַכט עס זינגען די ליכטיקע בערג,
וואָס צעצאַפּלען דעם קלאַפּ פון מיין האַרץ
מיט דער בענקשאַפט פון פאַרוואָגלטע פרינצן,
וואָס האָבן געזוכט זייער פאַרלוירענע היים.

ד

שוועסטער וואָס קומסט מיר אַקעגן
מיט זוניקן גלי אויף די ליפּן,
מיט גאָלדענעם ברי אין די האָר —
ברענג מיר וואַסער צו וואַשן די פיס,
אַ געלייטערטער צו טרעטן אויף די שטיינער
פון דיין היים — מיין טאַטנס חלום,
וואָס ער האָט אַריינגעחלומט אין מיר.

ה

טאַטע מיינער, יונגער טאַטע,
פאַרגאַנגען אין רויכן —
איך נעם דיך מיט אויף מיין גאַנג,
איבער די אויפגעאַקערטע רחבותן,
אונטער אַ תכילותדיקן הימל,
צו וועלכן האָסט געדאַוונט יעדן טאָג —
מיט בענקשאַפט פון יום־טוב צו יום־טוב —
לשנה הבא בירושלים.

מאַמע מיינע, מאַמע ליכטיקע,
שטענדיק בענקענדיק — אין שווערע עולן,
מיט לידער צעזונגען — אין שטילע פאַרנאַכטן —
פון „יאַנקעלעס וויגעלע"
און „ראָזשינקעס מיט מאַנדלען" —
פון כעלמנאָ איך רוף דיך:
קום איבער מיר — טו אַ שוועב,
באַגלייט איצט דיין זון,
ווען ער קומט נאָענט צו דער אַלטער מויער
וואָס האָט געשטראַלט אומעטום —
אויף זיין וועלט דער גרויער.

ו

שוין גריסן מיך די הייזער פון דער ווייטנס;
שוין זוניקן אַקעגן דיביימער,
מיט גרינסן פון פרוכטיקן בלי —
וואָס גיט שאָטן דעם אור־אייניקל מיין זיידנס —
געבוירן אין דיינע מויערן — ירושלים.

קום איך היינט צו דיינע הייכן,
געוואַשן אין מיינע צערן —
שטאָט פון מיין טאַטנס חלום,
שטאָט פון מיין זיידנס בענטשונג.

ירושלים, אויגוסט תשל״ב

## בוקר טוב

□

פון וואַנען קומסטו יונגע טאָכטער,
שטויביק די פיס און שווער דיין טראָט.
פאַרשטויבט איז אויך דיין אַקסל —
ווער האָט מיד געמאַכט דיין בליק?

איז מיין „שלום" פאַר דיר פרעמד? —
כ'האָב פאַרבלאָנדזשעט פּלוצים פאַרטאָגס,
אויף פאַרוואָרפענער גאַס פון רעננה. —
איז נאָענט דאָ דיין היים?

די טיר פון מיין שטוב איז פאַרקלאַפּט,
רואיק שלאָפן מיינע גאַסט־געבער,
זיי זענען מידע און פאַרמאַטערט
פון ביטער צעפּייניקטע טעג.

זייער וועג ביז אַהער, אַזאַ איז ווי מיינער —
אַ ווייטער, אַ ווייטער און פאַרדרייטער, —
דורך וועלדער פינצטערע מיט אימה און לויער —
נאָר געבליבן איז אָפן צו רעננה דער טויער.

האָב איך געהערט פאַרטאָגס דאָס פייגל־געזאַנג —
פול איז געוואָרן דאָס פענצטער מיט שירה.
בין איך אַרויס זיך אַרומנעמען מיט דער וועלט —
און דיך געטראָפן, יונגע צאַברע — בוקר טוב.

רעננה, 1973

## גיבור דו יונגער



גיבור דו יונגער —
ביי הייליקער וואַנט:
תפילה'ט דיין פנים
אין די שטיינער אַריין —
דעם אויפגעלויכטענעם חלום
פון דיינע יונגע טעג?

קיינער אַרום איז נישטאָ,
אַליין ביסט, אַליין.
די טויב אין דער הויך,
אין שפּאַלט פון אַ שטיין —
טרינקט דיין שטילקייט.

צו מיר וויינט דיין פּלייצע,
צום הימל וויינט דיין ביקס.

און די שטיינער, ווי שטיינער,
זיי בלייבן פאַרשטיינט.
און דער הימל, ווי הימל,
בלייבט ליכטיק צעשיינט.

און איך אַזוי ווי דו,
זוך אומעטום —
צו די פאַרמאַכטע טויערן
אַ ליכטיקן שטעג.

ירושלים, 1973

## פייערן אין שטאָט

□

די פייערן פון ל״ג בעומר
פאַרשטעלן נישט די פייערן פון געטאָ.
איין פלאַם געשטאַרקט האָט דעם צווייטן.

ס'וועט קיינער קיינמאָל נישט פאַרבייטן
דעם פלאַם וואָס גליט אין אַש
מיטן פלאַם וואָס גאָלדיק בריט,
איז ליכטיק העל צעברענט —
צעצינדט אין נייער שטאָט,
די אומרו — ניי דערקענט.

און ס'וואַקסן נייע ביימער
און ס'וואַקסן נייע ווענט,
וואָס עס בויען יונגע ברידער
מיט זייערע האַמערדיקע הענט.

ת״א, 1973

## צו כל־נדרי תשל״ד

□

א

כאָטש איין מאָל געוואָלט נאָך קומען צו דיינע שטיינער,
ווען טוסט אָן, ירושלים, דיין מאַנטל פון יום־טוב.
כאָטש איין מאָל געוואָלט אין דער נאַכט פון כל־נדרי
זיין מיט דיינע דאַווענערס, געהילט אין טליתים,
צו הערן די תפילות, וואָס ווערן שוועבנדע טויבן.

ב

אַזויפיל נע־ונדן איך האָב געגנע־ונדעט,
אַזויפיל קרומע וועגן געמוזט אויסמיידן.
זענען וואונדן געבליבן פאַרפּרענגטע אין לייב,
ביז כ׳האָב דעם נס דערלעבט — קומען צו דיין הויכקייט
מיין ברכה צו פאַרפלעכטן אין דער שעה פון קדושה.

ג

שטייט דאָרט דער ייד פון מיין פאַרשוואונדענער וואַרשע —
וויפל צערן ברענען אין זיינע צעפינטלטע אויגן.
ער געדענקט דעם יום־כיפור ווען די שטאָט האָט געברענט
און די הימלען צעריסן מיט בלייאיקן דונער
האָבן פאַרשטעלט דאָס געוויין פון אויסגעשטרעקטע הענט.

ד

שוין פולע דרייסיק יאָר פון יענער שווערער צייט
אַז כ׳טראָג די ברכה פונעם ייד אין בוכאַראַ,
דער זקן אין ווייסע כאַלאַטן געהילט:
— וועסט קומען מיין זון צו דער הייליקער שטאָט —
און מקוים איז איצטער געוואָרן זיין ברכה.

ה

שטיי איך אַ געבויגענער פאַר דער וואַנט צעליכטיקט —
אין דער נאַכט פון כל־נדרי, מיט דאַווענערס פרומע
און עס שוועבן איבער אונדז אַזויפיל ווייסע טויבן —
די תפילות וואָס זענען צום הימל געוואָנדן —
און אויך מיין תפילה, אַ טויב, שוועבט צו די הימלען.

פאַריז, 1973

ערשט זענען די טייכן שטילע געפלאָסן

□

### א

ווילסטו ווידער אונדז ברענגען אַ מבול?
דיינע אויסדערוויילטע, געפּרואווט מיט פּיין,
זענען לאַנג יעדן חטא שוין אָפּגעקומען.
פאַרוואָס בריט אונדז ווידער דיין צאָרן
דורך די וואָס האָבן פאַרלייקנט דיין שם?

ערשט זענען די טייכן שטילע געפלאָסן
און די פיש מיט גאָלדענע שיפּן,
ווי דיינע שטערן זיי האָבן געלויכטן.
האָבן פישערס געזונגען זייער לויב
צו דיר ערגעץ אין הויכקייט באַהאַלטן.

דער עפּלסאָד פון מיין חבר פּאַרזייט,
האָט רואיק ערשט מיט וויגליד געלווישט;
אַ בוים צו אַ בוים האָבן די קרוינען גענייגט —
און דער וואַנדערער אַ געקומענער פון ווייט
האָט מיט פייגל־געזאַנג זיינע מידקייטן געלאָשן.

ב

וואו איז איצט דער יונגער פלאַנצער? דער, גרויער אַקערער,
וואָס האָט נעכטן ערשט זיין פעלד געפלעגט?
היינט האָט ער געדאַרפט די ברוסטיק פולע זאַנגען
אין ניי־געבויטע שייערן איינזאַמלען,
אַז יום־טוב זאָל זיין אין זיין היים.

האָסטו פלוצעם אַ שטורעם צעוואָיעט,
דעם סאָד און דעם טייך מיט אומרו צערוישט;
פון ביימער גרינע, די קרוינען צעריסן,
די גאָלדענע פיש אין טיפן פאַרטריבן
און דעם גרויען מאַן זיין רו צוגענומען.

ווילסטו ווידער אונדז ברענגען אַ מבול?

טבעון, 1973

## אויפן וועג צו בית־אַלפאַ
□

באַהאַלט נישט ווידער דיין פּנים פון אונדז,
ווען מיט בליי שווערן דיינע הימלען.
עס וועלן לעסטערער קומען מיט געוויין
און פאַרשעלטן חלילה די זון.

מיר גייען אין צווייען אויף אַ נאַקעטן וועג,
די שעהן, ווי דער הימל, שווערן אויף אונדז.
דער וואַרשעווער „דזשינדזשי" פון קיבוץ בית־אַלפאַ,
איילט איצטער צו זיין אויסגעבענקטער היים.

גייען מיר מיט אומרו, איבער אַ נאַקעטן וועג
נאָענט צו די בערג, וואָס גליען מיט פייער
נישט ווייט שוין, מען זעט, דעם קיבוץ בית־אַלפאַ —
ווער וועט אונדז דאָרטן, איצט קומען אַקעגן ?

●

ס'איז סוכות — וועט מען פראַווען היינט יום־טוב ?
אין שכנות פון טאָל דאָרט, אַריבער די בערג
גליט די ערד, זי ברענט איצט מיט פייער.

יונגע זין היטן אומעטום, אַלע וועגן —
וועלן זייערע קינדער נישט מורא־האָבן
די יום־טוב־געזאַנגען צו זינגען?



גאָט, באַהאַלט נישט דיין פּנים פון אונדז,
צופיל לעסטערער חלילה, וועלן קומען פאַר דיר
און אויסשרייען אין צאָרן זייער געוויין.

חפצי־בה, 1973

## דער מאַן פון גבורה

□

ס'איז גרוי איצט געוואָרן דער מאַן פון גבורה,
ווען געזען ר'האָט זיין ברודער געשלאָגן אין פעלד;
פאַרוואָלקנט דאָס אויג וואָס היט זיין גבורה —
פאַרלאָשן דאָס צווייטע, וואָס וואָרנט, באַפעלט.

ביים ראַנד ליגט דער קרבן אויף זאַמדיקע וועגן
און ס'פינצטערט דער וועג פונעם צער וועלכער פרעסט,
ווי שלאַנגען עס וואַלטן געוואָרגן די וועגן
אויף וועלכע ערשט נעכטן געבליט האָט אַ נעסט.

די זאַמדן די ברוינע, ווי רוחות איצט וואָיען,
דער מאַן פון גבורה ווערט קליין ווי אַ קינד.
אים דאַכט זיך דער קרבן, זיין ברודער, טוט וואָיען,
ווען ס'בלינצלט אַ שטערן אין נאַכט וואָס איז בלינד.

חולון, 1973

### פרעגט אַ זקנה

□

— וואו זענען מיינע אייניקלעך, וואו זענען?
און זייערע יונגע טאַטעס, וואו זענען?
און די מאַמעס, מיינע קינדער, וואו זענען —
ווען פעלדער און וועלדער ווידער ברענען.

אַ פולע איז די נאַכט היינט מיט שאָטנס
און איבער גאַסן גייען מענטשן, ווי די שאָטנס,
ווערן מיינע צערן ווידער אויפגעזאַטן.
וואו זענען מיינע אייניקלעך, וואו זענען?

חולון, 1973

### אין צוועלפטער שעה

□

פאַר רבקה גובער

די מאַמע פירט נאָך אַלץ אירע זוניקע זין,
אויף דעם היימישן וועג פון בית־הספר...

און יעדן פאַרנאַכט זי גייט צום שטילן פעלד
וואו קולות הערן זיך אין דער גרויער ווייט...

און נאָך דער צוועלפטער שעה, ווען אַלצדינג רוט אין שלאָף,
ווערן אַלע טירן — אָן שליסלען פאַרמאַכט...

און עס גייט די מאַמע, ווי אין ווייטן פאַרנאַכט,
צום בעט פון אירע זין — וואָס זענען לאַנג שוין פאַרבעט...

ירושלים, 1979

**פאַרטאָג אין ירושלים**

□

פאַר שיעלע ראָכמאַן

מיין חברס זונעלע שלאָפט —
די הייליקע שטאָט וועקט זיך אויף;
זיבן קרוינען הענגט אויף דער מאָרגן,
אויפן דאַך פון מיין חברס הויז.

יעדע קרוין האָט אַ ליכטיקן דימענט,
דער דימענט אַ בלויאינקן שטראַל.
מיין חברס זונעלע וועקט זיך
און ווערט פון קרוינען דער האַר.

די זיבן קרוינען העלע צעלויכטן,
שיינען אַרויס פון זיין אויג.
ווערן די ירושלימער גאַסן,
געהילט, ווי דער הימל, אין בלוי.

ירושלים, פאַרטאָגס, קדוש. קדוש.

ירושלים, 1957

## שיין איז ירושלים

□

שיין איז ירושלים
אין יעדן פֿאַרנאַכט,
ווען איבער די היגלען
צינדן זיך שטערן —
ליכטיקע, צעליכטיקטע.

דער הימל קוקט אַראָפּ
חלומדיק פֿאַרטראַכט
אין בלויער בענקשאַפֿט —
די תּפֿילות צו הערן.

טרינקען מיר דאָס ליכט
פֿון דער ליכטיקער שטאָט
צו וועלכער מיין טאַטע
האָט אַלע יאָרן געבענקט.

ירושלים, 1975

גרוסן

□

שיקסט גרוסן מיין ברודער פון דער יידישער שטאָט,
מיר איז די זכיה דערווייל נישט געגעבן ;
באַשערט נאָר צו גיין ווי אַ זשאָנגלער אויף דראָט,
אַז שווער ווערט די זינד זיך אַליין צו פאַרגעבן.

ווי דער זינגער אַ מאָל דורך תפילה ער האָט
זיין בענקשאַפט פאַרוואַנדלט אין לידער —
מיין בענקשאַפט איך שטאַרק צו שטאַרקן מיין טראָט
אויף מאַרקן פון פרעמדן האַרמידער.

צו קענען די ליבשאַפט, וואָס כ׳טראָג איר פון לאַנג
אין ליד כאָטש אַמאָל אויך אַנטפּלעקן ;
נאָר בעסער וואָלט זיין מיט דיר אינעם גאַנג —
די בענקשאַפט צו קענען אָפּמעקן.

פּאַריז, 1972

## דער חלום איז ווידער צעלויכטן

□

וויפל האָבן שוין געוואַרט — געהאַרט —
מיינע זיידעס, עלטער־זיידעס ;
וויפל תפילות שוין געתפילהט,
אין אַלע וואָכעדיקע טעג,
ווי עס וואָלטן גרויע וועגענער
שורותווייז געצויגן אין די ווייטן —
לאַנגע צייטן, לאַנגע צייטן.

וויפל מאָל געפאַלן אויפן פּנים —
אויך פון אָפּגעהאַקטע כוחות.
און פון בלאַטיקע גריבער,
מיט בטחונדיק צעשיינטע בליקן,
געשטרעקט די הענט פאַר זיך,
געזוכט דאָס ווייסע אייזעלע —
און דעם רייטנדיק, ליכטיקן זקן
מיט דער זוניקער באָרד,
וואָס וועט דעם הימל
צו העכערע הייכן אויפהייבן.

דאָס וואַרטן און די תפילות,
ביי שחריתן און מנחה׳ס,
ווען די זון איז געקומען,
ווען די זון איז פאַרגאַנגען —

האָבן מיינע נישט־באַבאָרדטע פעטערס
אין אַ נייעם אַחרית־חלום געזען —
אויף גרין צעבליטע פעלדער,
אונטער דעם זוניקן אויג
פון אַ בלוי־צעלויכטענעם הימל.

בין איך אַ פאַרטאָג פון מיין היים אַוועק,
מיט טאַטע־מאַמעס בענקענדיקן בליק באַגלייט, —
צו זוכן דעם חלום פון מיינע פעטערס.

דורך שטייניקע וועגן געגאַנגען —
פון חרובע שטעט אַ געיאָגטער —
אַליין אַ פאַרוויסטער געוואָרן.
און אויפן וועג צו די גרין צעבליטע פעלדער,
ווען שקיעה האָט געשרפהט די ווייטן
און רויטער אָפּשיין געברענט מיינע טריט,
כ׳האָב שטיל גענומען זאָגן די זינגענדיקע תפילות
פון מיינע זיידעס, עלטער־זיידעס...



דער חלום איז ווידער צעלויכטן,
די בענקשאַפט פון ס׳ניי איז באַפרייט,
גיי איך אויף די וועגן ווייטע,
צו באַגעגענען דעם אַלטן מאַן
מיט דער שטראַליק־זוניקער באָרד,
וואָס וועט קומען אויפן ווייסן אייזעלע —
און דעם ליכטיק־בלויען הימל
צו העכערע הייכן דערהייבן.

ראַמבויע, 1974

## שבת־ליכט



לייב ראָכמאַן לזכרון

צוויי שטראַליקע פייערלעך, די שבת־ליכט צעשיינט,
דורך דיינע פענצטער זיי האָבן געליכטיקט, געפלעמלט
אויף שויבן שכנהשע — אויפגעשיינט זייערע ווענט
און אויף אָרעמע טישן האָבן זיך לייכטערס געצונדן.

אַלע פיינען פאַרדרעגגטע פון אונטער חושך־ווענט,
וואו דיינע טעג זענען פאַרונען אין פינצטערע וואָלקנס
און דיינע נעכט האָסט פאַרתפילהט אין צעריסענע שטראַלן —
זענען אין דער פרייד פון דיין שבת געוואָרן אויפגעבונדן.

צוויי שטראַליקע פייערלעך, די שבת־ליכט צעשיינט,
דורך דיינע פענצטער זיי האָבן געליכטיקט, געפלעמלט.

תל אביב, 1978

## האָסט דיר אָנגעטון שוואַרצע פליגל

□

יונגע משוררת — ווי אַ בליץ דו שניידסט די לופט —
ווער האָט דיר אָנגעטון שוואַרצע פליגל,
זאָלסט קענען אַ פלי־טון אַזוי ווייט ? . .

אין יענער ווייט עס וועט דיין יונגער טאַטע,
גיין דיר אַקעגן מיט אַן אָבל־שיר —
און אפשר נאָר מיט פראָסטיקן געוויין ?

דו האָסט אַ פלי־געטון — אַן אָפּגעהאַקטער שטיין,
וואָס נידערט פון הויכקייט אַראָפּ אַזוי שווער.
פונעם העכסטן באַרג — באַרג־אַראָפּ, אַראָפּ . . .

ביסטו געפאַלן אינעם תהום אָן באַריר
ווי אַ שטומער שטיין, פאַרשטומט יעדער קלאַנג —
און דאָס איז געבליבן דיין לעצט־לעצטער שיר.

תל־אביב, 1977

לאָמיר וואַרטן

□

זיבן בליצן וועלן די הימלען צעשפּאַלטן
און פון זיבן בלויע טויערן צעפּראַלטע,
קומען וועלן די אויף וועלכע מיר וואַרטן —
מיט אויסגעשטערקטע הענט צו בענטשונג,
מיט העלע שטראַלן זייערע ווערטער —

לאָמיר וואַרטן.
לאָמיר וואַרטן.

וועלן מיר אויסטון אונדזערע פּאַנצערס,
די שוואַרצע כאַלאַטן — צעשליסען —
מיט טרויער־ווינט פון די וועגן.
אַקעגן צו גיין די וואָס זאָלן קומען
פון די זיבן ליכטיקע טויערן —

לאָמיר וואַרטן.
לאָמיר וואַרטן.

פּאַריז, 1974

## פאַרן שפּיגל פונעם קינסטלער



אַרטור קאָלניק

## צום סקולפּטאָר



האַק אַוועק פון שטיין דעם שטיין,
אַלצדינג, אַלץ וואָס איז דאָרט מערער.
נעם אויף דעם עול — פון גאָט אַליין —
דו, באַשעפער; דו, צעשטערער.

לעבן וויל דער שטיין ווי דו —
שייל אַראָפּ פון אים דעם שימל,
דיין אומרו גיב זיין שטומער רו —
דער שטיין וועט ליכטיקן צום הימל.

פּאַריז, 1972

# בילדער אין מוזעאום



אונטער אַ גראַנאַט־פינצטערן הימל
בליט דאָס רויטע פינטעלע אין פעלד,
אַ בלום ?
אַ טראָפּן וואָס צאַפּלט נאָך אין לעבן ?

— האָט דיך אויך געשראָקן דאָס רויטס ? —
מיך שרעקט עס מיט שגעון.

און עס שרעקט מיך אויך דאָס גרויע הויז
מיטן טורעמל, מיטן זייגער,
— אַ שלאָס איז דאָרט ?
אַ קירכעלע איז דאָרט ?

דער זייגער און דער טורעם זענען שטום —
שוין לאַנג, לאַנג —
נאָר פון אָוונטיקן רוף דער לעצטער קלאַנג,
וואָס האָט דאָס פעלד און דעם וואַלד
מיט אומרו און פחד פאַרוויגט —

דעם לעצטן זיך לעשנדיקן קלאַנג,
האָט דער אַלטער, געהויקערטער גייער
מיטגענומען אויף העלע וועגן.
רופט דער שטומער גלאָק צו מיינע אויערן,
רופט צום רויטן פּינטעלע אין פעלד —
אַ בלום,
אַ טראָפּן וואָס צאַפּלט נאָך אין לעבן.

•

כישופדיק איז דער גראַנאַט־הימל,
וואָס היט אַ סוד —
דעם מייסטערס אויער איז דאָרט באַהאַלטן.
דאָס גראַנאַט־ליכט וואָס דער פינצטערער הימל
אַריינגעכישופט האָט אין ליידיקע חדרים,
האָט דעם מייסטער פאַרטריבן אין ווייט, —
דעמאָלט האָט דער זייגער זיך אָפּגעשטעלט.

איז די ערד פול מיט אומרו,
די גרעזעלעך — מיט געוויין,
די געלע בלימעלעך — צעציטערט,
צעפיבערט אין שטורעם —
בריען מיטן פייער
פון מייסטערס געלער באָרד.

•

איך קוק אַריבער די גרענעצן פון וואָר —
משוגע טאַנצן די פּענדזלען —
דאַר־צעצויגענע ליכטיקע פינגער —
אַרום דיין בלאַסן פּנים.

דער זילבערנער חלף גלאַנצט.

די שקיעה וואָס ליגט צעשפּרייט
אויפֿן דאָקטערס נאַקעטן טיש —
ברענט דײַנע גרויע אויגן.

דער זילבערנער חלף גלאַנצט.

ביזטו אַוועק,
ווייט, ווייט,
— וואוהין ביסטו אַוועק? —
צום גאָלדענעם פעלד?

אפשר גאָר צום גרויען הויז
מיט דער גראַנאַט־פינצטערניש
אין ליידיקע חדרים?

— מייסטער, מייסטער —
איז מײַן מאַמע אויך דאָרט פאַראַן?

פּאַריז, 1961

צום טויטן פּיקאַסאָ

□

ווען טונקעלע האַנט האָט פאַרמאַכט דיינע אויגן
דו וואָס האָסט כּישופדיק געשאַפן און צעשטערט.
פון בלויער ווייט אַ רייטער קומט, אָנגעשפּיזט זיין בויגן —
צום שטערן אָנגעצילט, וואָס פאַלט איצט צו דער ערד.

קרייזן רויטע קרייזן, בליצן בלויע בליצן,
ווי דו וואָלסט איצט געגאַנגען קעגן הימל מיט אַ שווערד.
נאָר אפשר ווילסטו גאָר דיין וועג צו גאָט באַשיצן,
זאָלסט קומען צו זיין טראָן אין תּפילה איינגעהערט.

ווען טונקעלע האַנט האָט פאַרמאַכט דיינע אויגן?

פּאַריז, 1972

# מרימלען

דער דיכטער שפּילט זיך מיטן קינד,
צאַרט זי גלעט זיין גרויען קאָפּ;
איר לאַכן רויטלען זיינע באַקן —
טאַנצט דער דיכטער: האָפּ־האָפּ.

פלעכט דאָס קינד דעם דיכטערס לאָקן,
דער דיכטער גלעט איר פּיסל פרום.
פון ווייטן קומט די גאָלדענע פּאַווע —
נעמטביידן מיט די פליגלען אַרום.

דער דיכטער ווי דאָס קינד — צעשיינט, —
די קליינע שפּרינגט אים אויפן קאָפּ;
זי קלעטערט אויף אַ שטראַלן־בריק —
טאַנצט דער דיכטער: האָפּ־האָפּ.

דאָס אויג זיינס לויטער, ליכטיק קלאָר,
ביים ברעג נאָר בלייבט אַ זילבער־טרער.
— ווען דיכטער האָסט אינעם קינד דערקענט? —
דיין טראָט פאַרוואָס ווערט ווידער שווער?

אין טיר צעעפנט עס שטייט דער לץ,
די פענטעס גרויע ער וואַרפט אַראָפּ.
ס'איז שטום געוואָרן אין וועג זיין צונג
און ווייס פון צער — זיין יונגער קאָפּ.

אַמאָל האָט לץ דעם דיכטער געפירט,
אויף טאַטנס ציג איבערן טראַקט;
דערנאָך פאַרשיכורט זייער פרייד —
האָט לץ און דיכטער — נאַכט אויף נאַכט.

...דער דיכטער זינגט, עס קרייט דער לץ —
מען זשליאָקעט בראָנפן פון אַ טאָפּ...
איז טאָפּ צעבראָכן, איז ציג פאַרברענט —
טאַנצט דער טרויער: האָפּ־האָפּ.

דער דיכטער, פּאַווע און דער לץ,
באַזונדער יעדער עס האָט געבענקט.
היינט האָט זיי די קינדער־פרייד —
אַלעמען אַהער געברענגט.

שטייגט דאָס קינד אַלץ העכער, העכער —
אַ זילבער־קרוין באַשיינט דעם קאָפּ;
אויפן דיכטערס שטערן אַ בלויער שטראַל —
טאַנצן אַלע: האָפּ־האָפּ.

פּאַריז, 1949

## איציק מאַנגער ליגט קראַנק

□

א

ליגט אין האָטעל היינט, אַ קראַנקער, דער דיכטער,
פון רויכן פאַרשיכורט, די ביטערניש קוועלט.
יעדעס וואָרט זיינס אַ חלף — שאַרף איז און ניכטער:
„וואָס בלעקעצט דער רשע פון פרייד אויף דער וועלט?״

דער פלאַץ „אָדעאָן״ איז פאַרעגנט און קאַלט
און קעלטער פון אייז דאָס פנים פון קראַנקן;
דער דיכטער ווערט גרוי, דער אומעט ווערט אַלט
און שאַרף בלייבט די פיין, ווי פון חלף דעם בלאַנקן.

פינצטערן שאָטנס אויף די העל־ראָזע ווענט,
שוועבן געשפענסטיק פון פענצטער צום הימל.
דער דיכטער צעשפרייט זיינע געל־בלייכע הענט —
פאַרמאָסטן זיין פויסט קעגן דרויסיקן טומל.

ב

פון יענער זייט טיר אַ ניגון נעמט ברומען
דער שכן וואָס וויל זיינע צערן פאַרוויגן.
דער דיכטער נעמט שפאַנען אין חלום דעם שטומען, —
צום היימישן טראַקט אויף פעלזיקע שטיגן...

אַ ברונעםביים וועג שטייט — אַ זילבערנער שפּיגל —
ווער קומט אַלץ אין ליכטיקן שפּיגל צו שווימען ?
דער בעש״ט, דער בעטלער — און די גאָלד־בלאָנדע פרוי,
צו וועלכער — אויף וואָלקנס — ביינאַכט ער פלעגט קומען.

קראַנק איז דאָס בעט און קראַנק איז דער דיכטער,
נאָר העל שווימט דער ניגון, וואָס קומט פון אַ שטערן —
אַ ליכטיקער שטערן וואָס בלינצלט העט ווייט —
אויפסניי פאַרן דיכטער זיין ליד אומצוקערן.

ג

— — — דאָס זילבער־בלוי איז בלויער — בלויער,
דאָס זילבער־גרוי איז גרויער — גרויער — — —
חלומט דער דיכטער פון אַ היים און אַ קינד
אין בענקשאַפט נאָך פרייד, וואָס בליט אין טרויער —
און פון אַלטן בעטלער, וואָס קראַנק איז און בלינד.

•

ליגט אין האָטעל היינט, אַ קראַנקער, דער דיכטער,
פון רויכן פאַרשיכורט, די ביטערניש קוועלט.
יעדעס וואָרט זיינס אַ חלף — שאַרף איז און ניכטער :
„וואָס בלעקעצט דער רשע פון פרייד אויף דער וועלט ?"

פּאַריז, 1949 — 75

## איציק מאַנגער אין ראָג פון גי פּאַטען

□

אויף גי פּאַטען, אין ראָג פון געסל,
שאָטנס שלאָפן אויף די ווענט.
אַ הונט אין דרעמל אויף אַ פעסל,
היט זיין קודלעוואַטע פעל.

די גאַס־לאַמטערנס, גרוי אין טרויער —
מיט אויגן מיד, פאַרגלייזטע, געל —
קענען מער נישט שיינען,
קענען מער נישט שיינען.

אויף גי פּאַטען, אין ראָג פון געסל, —
דעם דיכטער איז איצט ענג דאָס העמד;
פון קאַפע רופט דער באַלעבעסל:
„שלעפּער, דיכטער, די קרוין טו אויס,

דיין בענקשאַפט קום מיט אונדז פאַרגיסן". —
און ס'ווינקט אַ גרינע פלאַש פון שוים.
— אַ לאַ וואָטר! — טרינקט די זונה,
— אַ לאַ וואָטר! — טרינקט די זונה.

דאָס ברוינע טישל וואו חברותא טרינקט,
איז שיכור שוין פון רויך וואָס שטינקט.
פון דיכטערס ליד, פון זונהס רייד,
פון אַלע הויקערדיקע גרויע לייט,

וואָס מרה־שחורהוועז די נעכט אַוועק,
נישט געפינענדיק פאַר זיך דעם וועג —
טוליעט מען זיך צו הינט,
טוליעט מען זיך צו הינט.

דער דיכטער האָט זיין ליד פאַרשפּילט,
פאַרן לעצטן טראָפּן בלויע פרייד.
איצט שטייט ער אין פרימאָרגן־שיין
און יאָמערט אויס זיין גרוי געוויין:

— ווער ס׳האָט אַ היים, אַ ווייב, אַ קינד —
פון דיר נאָר לץ וויינט הפקר־ווינט —
ביסט עלנט ווי אַ שטיין,
ביסט עלנט ווי אַ שטיין.

פאַריז, 1949־1966

איז דער שטוב פון וואן גאג
□

פאַרוואָס איז דאָס ליכט דאָרטן גרין —
בליט הינטערן פענצטער שוין ווידער אַ סוד?
כ׳קוק אַריין אין דיין ליידיקער שטוב,
דער טאָג, ווי געוועזן, שטייט נאָך העל;
כ׳דערקען עס אין זומערדיק פאַרביקן בעט,
אינעם ברוין וואָס בליט און איז ליכטיק.

דאָס קישן וואו דיין קאָפּ האָט גערוט —
בלייבט ציכטיק.
בלייבט ציכטיק.

פאַרוואָס איז די דעק דאָרטן רויט?
שוין ווידער דאָס שרייאיקע רויטס
וואָס גליט אָן די שרעק.
— ווער האָט זיי פאַרזייט דיינע שרעקן?

אונטערן ברוינעם בעט וויינען טונקעלע פלעקן,
וויינען מיט שטילן געשריי.
און כאָטש דו אַליין ביסט שוין נישטאָ,

טוט דיין מורא אין מיר זיך איצט וועקן,
אינעם מענטש וואָס גייט דאָ פֿאַרביי.

שוין ווידער דאָס שרייאיקע רויטס.
ווי מיר, אָ ווײ, אין דער פּיין,
דאָס פֿענצטער בלייבט הינטער גרינער שיין
און וועט שוין בלייבן אַזוי, לעולם ועד.
אייביק וועט דאָ גרינען דער טרויער,
וועט לויערן, וועט הויערן.

דער וואָס גייט פֿאַרביי איצט געבויגן,
פּלוצים ער בלייבט דאָ שטיין —
דער אומעט צעגרינט זיינע אויגן.
און וועט ער נעמען ווייטער צו גיין,
אויף זיין רוקן וועט בלייבן די גרינע שיין
און אין האַרצן —
די שטוב מיט פּולער לײדיקייט.

מייסטער, וואָס ביסט לאַנג שוין נישטאָ,
אַזוי איז דיין גאַנג אין דער אייביקייט.

פּאַריז, 1961

## פאר דיין בוים

□

אריה שמרי לזכרון

זי וואָס האָט דיך אומעטום באַגלייט,
מיט בענטשנדיקן בליק אויף דיינע אַקסלען
און מיט בענקעניש דערוואַרט דיין יעדן קומען —
זי האָט געפירט מיך היינט צום פעלד,
וואו אַ בוים שטומט ביי דיין צוקאָפּנס.

דאָס שוואַרצע אייזערנע טויער איז פאַרמאַכט.
נישט קיין שלאָס האָט פאַרשלאָסן דאָרט די בערגלעך,
וואָס צעריסנע שטראַלן האָבן מיט פלעקן באַשיינט —
נאָר די גרויע שוויגעניש אַרום, וואָס שווערט,
נאָר די זשומענדיקע שטילקייט אַרום, וואָס וויינט.

גיי איך צום בוים, וואָס דיין האַנט האָט געפלאַנצט —
אַ שטומער ער שטייט אַנטקעגן דיין פענצטער;
צעוואַקסן ברייט איז זיין צעאָדערטער שטאַם,
וואָס דו האָסט אים געפלעגט מיט דיין אָטעם —
ליכטיקט זיין קרוין איצט מיטן ליכט פון דיין ליד.

עין־שמר, 1978

□

אלחנן וואָגלער — אין אָנדענק

דיין ליד „איך בין אַ קרוג" מיט צער כ׳האָב היינט געטרונקען,
פֿאַרנאַכט, ווען דער הימל האָט געעפֿנט זיינע טויערן.
נישט געוואוסט כ׳האָב דאַן — דער שלאָף האָט דיך פֿאַרשלונגען —
„די נאַכט פֿון וואונד אין שקיעה" וועט מער אויף דיר נישט לויערן.

כ׳האָב נעכטן דיך געזען — דיין קאָפּ האָט שווער געזונקען,
פֿאַרמעט־געל דיין גוף — דער קרוג איז אויסגעהוילן.
דאָס ווייסע בעט פֿול שאָטנס, האָט סודותדיק געוואונקען,
נאָר דיין קול, אַן עכאָ, האָט עפּעס נאָך באַפֿוילן.

פֿול טרויער דיינע אויגן — טיפֿע, גרויע ימען,
וואָס גליווערן מיט שרעק און אייזיק קאַלט פֿאַרגליען.
וועט דיין לעצטער בליק מיט צערן מיך שוין סמען —
אויך ווייל גרוי בעריאָזע־ליד, קיינמאָל מער וועט בליען.

די גרויע טראַקטן דיינע, ווערן בלינדע היילן,
הער איך ווי פֿון ביימער עס ברעכן זיך די צווייגן.
דאָס גריקע־פֿעלד, וואָס דו געלאָזט האָסט מעשות אויסדערציילן,
בלייבט אין יידיש ליד אָן דיר אויך פֿאַרשטומט אין שווייגן.

דיין ליד ׳איך בין אַ קרוג" מיט צער כ׳האָב היינט געטרונקען,
פֿאַרנאַכט, ווען דער הימל האָט געעפֿנט זיינע טויערן.
נישט געוואוסט כ׳האָב דאַן — דער שלאָף האָט דיך פֿאַרשלונגען —
„די נאַכט פֿון וואונד אין שקיעה" וועט מער אויף דיר נישט לויערן.

פּאַריז, מערץ, 1969

□

מאַרק שאַגאַל — צו זיינע אַכציק יאָר

## וויפל זונען האָבן דאָ אויפגעשיינט?

אויף ברוינע בערג מיט העלע פינטעלעך —
די הייזער —
גייען מלאכים אַרום מיט קאָזעס אויף פאַשע.
זינגען דערביי אַ קאַפּיטל תהילים
און לערנען דערצו אַ פּשט פון רש״י.

די גרינע פרייד פון רויטן האָן
באַגלייט זיי מיט אַ קריי.

יונגע חתן־כלה,
אין אַ וואָלקן פון בלומען,
מיט חתונה־שמייכלען,
מיט חתונה־טרוימען —
שווימען אַוועק צו די ווייטן
פון וואַנען דאָס ליכט איז געקומען.
דאָס פּיטשינקע יידעלע אין בלויען בלוי
טוט זיי מיט זיין פידל באַגלייטן.

וויפל זונען האָבן דאָ אויפגעשיינט
די ברוינע בערג צו באַגילדן,
די גרינע טאָלן צו באַטויען —
מיט זילבערנע טרערן דער מאַמעס?

די ברוינע בערג שווימען אַוועק,
צוזאַמען מיט חתן־כלה.
זייערע חתונה־שמייכלען
און חתונה־טרוימען —
אינעם ראָזן וואָלקן פון בלומען.

נאָר פון טאָל איך הער אַ געזאַנג:
שיר השירים — שיר.
און דאָס ליכט פון די זונען
בלייבט איבער מיר.

וואַנס, 1966

□

א

— וואוּאַהין ?
וואוּאַהין ווילסטו מיך באַגלייטן —
מיטן צלמל,
דעם דאַרן צלמל ?

אָפּענע איך זע אַזויפיל פרעמדע שטעט, —
דאָרט הוליען בייז־ווייענדיקע ווינטן.
זיי סיקען און ברומען און וואָיען
מיט טונקעלער אימה אין די טעג.

ברענען מיינע ווענט —
מיט בלויע פייערן.
וויינען מיינע שויבן —
מיט רויטע טרערן.

ב

צעפּראַלטע שטייען אַלע טויערן,
אומעטום האָסטו צלמלעך צעשטעלט —
זיי זאָלן היטן די טויטע שטעט ?

מײַנע ייִדן האָבן דאָרט געלעבט.
פאַר זיי — מײַן צניעותדיקע מאַמע
האָט אירע שבת־ליכט געצונדן
אין די שטראַליק זילבערנע לײַכטערס,
וואָס לײַכטן איצט אויף פרעמדע טישן.

ג

אין יענער ווײַטער וועלט — צוריק —
מײַן טאַטנס גרויער קידוש
האָט געקרײַזט אין אונדזער שטוב,
איבער דעם טונקל־לאַנגן הויף —
אַרײַנגעזונגען זיך אין זיידנס ניגון
וואָס האָט ציקלדיק געטאַנצט
אויפן שכנותדיקן פענצטער;
איבער דער שמאָל־אויסגעצויגענער
מאַשקאָוויצער גאַס.

דאָס איז יענע גאַס,
פון טאַטע־מאַמעס שטוב,
וואו מײַן ייִנגסטער ברודערל —
ווען ס׳גיהנומדיקע אוישוויץ
געברענט האָט זײַנע טריט —
איך האָב זײַן ערשט געוויין געהערט,
ווען אין דרויסן האָט געצישעט שוין
מיט האַס — — —

ד

— — — און ס׳האָט עמעץ אונדז בײַדן געשלאָגן.
דיך גראָד אַזוי ווי מיך
ווען מיר זענען אַמאָל שוין —
אַלטע ייִדן געווען .

און ווער האָט דעמאָלט
דעם נביאס ליכטיקע רייד,
פֿאַרטונקלען געוואָלט —
מיטן צלמל,
מיטן צלמל.

ה

איבער אַלע, אַלע וועגן
האָט אונדז עמעץ געטרייסט
מיט דעם נביאס טרייסט.
מיט בטחון געשטאַרקט — אַ לעקעכל,
צו פֿאַרבייסן יעדע ביטערע קרייטעכץ.

האָט דיין טאַטנס תפילה
נישט געהאָלפֿן,
נישט די תפילה פֿון מיין זיידן.
דער שעכטער ער האָט
געשאָכטן זייביידן.

ו

וואוּאַהין, וואוּאַהין ווילסטו מיך פֿירן,
דו אַלטער מאַן מיט שטראַליקע פֿינגער,
וואָס כּישופֿן מיט העלע פֿאַרבן
איבער טיף־צעבלויטע הימלען,
איבער העל־פֿאַרגרויטע וואָלקנס,
וואו ס׳שוועבט דיין טויטע כּלה.

ז

האָסט מיך געפֿירט קיין ירושלים
מיט דודס תהילימל באַגלייט.
איך האָב אויך געזונגען דאָס געזאַנג —
אַ שירה צום קעניג פֿון די הימלען.
געשפּאַנט איך האָב מיט מיין תפילה —

איינער פון יענע מידע עולה־רגל.
אויך דו ביסט דאָרט פאַראַנען
אינעם יום־טובדיקן גאַנג.

ח

דאַס בלויע פידעלע פון טאַטנס שטוב געברענגט
שפּילט איצטער דודס טריומף־ליד.
דאָרטן איז נישטאָ דאָס דאַרע צלמל,
וואָס האָט געקרייציקט אונדזערע טעג.
גייען מיר אויף צוריקוועגס פון ירושלים
האָסטו געוויזן מיר טאַטע־מאַמעס שטאָט.
אַ געשענדעטע מיט צעריסענע הייזער,
מיט ליידיקע, טויטע טירן, פאַרקלאַפּט.

דאָרטן האָט מיין שוועסטער נישט באַוויזן
באַהאַלטן איר געטאָ־קינד,
וואָס האָט איר געפירט קיין כעלמנאָ.
דאָרט וואו געבראַנדיקט האָט די ערד.
וואו עס האָט געברענט דער הימל,
וואו אַלצדינג, אַלץ איז געוואָרן פאַרטיליקט.

ט

ווי אונדז און ווינד.
געבליבן אין מיין טאַטע־מאַמעס שטאָט
איז נאָר דאָס צלמל.
דאָס דאַרע צלמל,
מיט ישו אַ געקרייציקטן —
ווען געקרייציקט זענען געוואָרן די טעג
ווען געקרייציקט איז געוואָרן אונדזער וועג.

וואוהין, וואוהין ווילסטו אונדז פירן?

פּאַריז, 1976

## אין אַ לײדיקער שטאָט

□

דער וואָס אויפֿן קרײַץ אַ צוגענאָגלטער,
מיטן טליתל פֿאַרשטעלט זײַן שאַנד,
געקרײַציקט איז געבליבן אויף דער וואַנט —
מיטן ווײ פֿון זײַנע פֿאַרטרוקנטע וואונדן.

ער איז נישט געגאַנגען מיט מײַנע שוועסטער —
ווען מ׳האָט זײ געטריבן צום פֿינצטערן וואַלד —
ערשט נאָרוואָס געפֿײַניקט, נאָרוואָס געשענדט —
פֿאַרוואונדיקט אַ יעדער, אין פּײַנען פֿאַרקלעמט.

דער וואָס אויפֿן קרײַץ אַ צוגענאָגלטער,
מיטן טליתל פֿאַרשטעלט זײַן שאַנד —
אין דער טויטער שטאָט איז געבליבן
און גערופֿן זײַנע דאַוועגערס צו תּפֿילה.

קולות האָבן איבערן קרײַץ נאָך געשוועבט,
ווען פֿון טורעמל דער גלאָק האָט געוועקט.
און די וואָס האָבן ערשט געצונדן דעם בראַנד —
זענען מיט געבעט געפֿאַלן קניענדיק צום קרײַץ.

דער וואָס אויפֿן קרײַץ אַ צוגענאָגלטער —
געקרײַציקט איז געבליבן אויף דער וואַנט.

פּאַריז, 1970

## אין אַ שפּעטער שעה

☐

ישראל עמיאָטן

די פּרעמדע קאַלטע שטאָט איז מיט נאַכט פאַרמאַכט,
ליגסטו פרעמדער אין אַ ווייסן בעט, פאַרטראַכט.

אַלע סודות בלייבן סיי ווי סיי פאַרשטעלט,
כאָטש דו מיינסט — ביסט אַליין פאַר זיך אַ וועלט.

דיין טרוים — ווי די ראָזע ווענט — אָנגעגליט, צעהיצט,
נאָר ווייסט אַלץ נישט: וואָס וואָלט ריכטיקער זיין איצט? —

שרייבן לידער, אין דער שעה וואָס איז שוין שפּעט,
אָדער שטעלן זיך צו מזרח מיט געבעט —

מיט דעם ליד פון אַ חבר אַ פּאָעט,
וואָס ווייסער שניי געוועזן איז זיין בעט.

נאַנסי, 1962

## די יידן פון מאַנע קאַץ

□

וואו בלענדט אַזוי — וואו?
וואו גליט אַזוי — וואו?
וואו ברענט אַזוי — וואו?
וואו בריט אַזוי — וואו?

די אָרעמע יידן מיט פלאַם־רויטע בערד,
האָבן אַ וויג־געטון די זינדיקע ערד.

זיך אַ צי געטון
און אַ גלאַנץ געטון
און אַ פלי געטון
און אַ טאַנץ געטון.

נאָר גאָט בלייבט אַלץ העכער פונעם הימל,
מיר אָרעמע, גרויע, ווען ניט גרייכן דעם הימל.

וויפל בלייבט נאָך — רוים?
וויפל בלייבט נאָך — צייט?
וויפל בלייבט נאָך — טרוים?
וויפל גאַנג — נאָך ווייט?

טאַנצן די יידן מיט פלאַם־רויטע בערד
וויגט זיך דער הימל און וויגט זיך די ערד.

פּאַריז, 1960

שיר אַ געזאַנג

□

אברהם סוצקעווער

פון באַרג צו באַרג ביסטו געקומען.
איינער אין פאָנאַר — פאַרשטאַרט,
דער צווייטער בליט נאָך אַלץ אין סיני.
פון באַרג ביז באַרג,
ציט אַ שמאָל־בראַנדיקער וועג.

דורך דער אַלט־שטאָט פון ר׳ אליהו גאון,
צו דער אַלט־שטאָט פון מלך־דוד,
גייסטו מיטן גאַנג פון גרויע זיידעס.
מיטן גאַנג פון יידן־עדות —
דורות פאַרשוואונדענע,
דורות אומגעקומענע.

און ס׳בליען אויף די טעג,
און ס׳בליען אויף די שעהן —
שיר — אַ געזאַנג.

וויפל טאָלן דאַרף מען דורכגיין,
וויפל לייטערס זיך דערהויבן,
ביזן שטייגן צו די הייכן,
ביזן גרייכן צו די שטויבן
פון משה׳ס פאַרזיגלטן טראָט.

נאָר ווער ס׳האָט שוין דערקענט,
דעם צער פון געטאָ־ווענט;
ווער ס׳האָט שוין דערהערט,
ס׳געוויין פון שטומער ערד;
און ווער ס׳האָט שוין דערפילט,
ווי ס׳אייגן וואָרט פאַרקילט —
קומט העכער צו די הייכן,
קאָן אַלע לייטערס גרייכן,
שיר — אַ געזאַנג.

פאַריז, 1956

בײַם הערן לידער פֿון מײַן חבר

□

אין „בײַטשן װי פֿאָנטאַנען" — פֿײַערן בלױע אָנגעצונדן —
כ'האָב געזען איצט דײַן טאָכטער, װאָס צײכנסט אין דײַן ליד.
אין װאָרער שײַן פֿון חלום איך װער װי דו געבונדן,
װען אין פֿענצטער בלױען װערט אַ שטערן אײַנגעגליט.

דער שטערן איז אַ װאָגן, װאָס פֿירט אונדז איבער װײַטן
װאו האָסט אַמאָל באַהאַלטן דײַן אױסגעהיטן סוד.
שנײַט אױף מיר אַ פֿראָסט, װאָס נעמט אין היץ זיך בײַטן —
אַ הױז איך זע אין פֿלאַם פֿון בלױער, טױטער שטאָט.

װאו קומען אױף די ליכטער, פֿון װאַנען אָט די בילדער,
בײַ דער װאָס איז געװאַקסן אין גאָלדן ליכט פֿון טאָג ?
נאָר אפֿשר אין די נעכט װען דער שטערן טאַנצט אַ װילדער —
ער צינדט די בלױע אומרו, פֿון טאַטנס גרינער פֿלאָג.

צי װעט אַזױ שױן בלײַבן, קען גאָרנישט זיך פֿאַרבײַטן,
װעט שאַרפֿן אונדז די נאַכט, איר שאַרף אין גרינער שײַן ?
איך זע דיך אין דעם ליד אַ געבונדענעם אין קײטן,
פֿון חלום דײַנעם — װאָר — אין טונקל בלױער שײַן.

פּאַריז, 1972

## ווען שפילט די פידל

□

אַ פידלרויז? אַ פידלרויז? —
ווען שפילט די פידל, ווען די רויז?
ווען קען מען ווען, די פידל ווערן?
אַליין אַ ניגון אויך צו ווערן —
אין ליכט פון טאָג, אין שיין פון נאַכט,
ווען ס׳ווערן טויערן צוגעמאַכט?

אַ פידלרויז, אַ פידלרויז,
וואו איז דאָס פעלד? וואו איז די רויז?
וואו דער מענטש — אין שטראַל פון ליד,
וואָס לייכט אַריין אין מיין געמיט.
גליט און בריט דער אומרו אויף —
און כ׳שטייג אַרויף, אַרויף, אַרויף.

אַ פידלרויז? אַ פידלרויז? —
בלוי די פידל,
רויט די רויז.

פאַריז, 1974

## עס ווײנען ווײסע בלעטער

□

יצחק יאַנאַסאָוויטש — נאָכן לײענען זײנע לידער

ס׳ווערן שווערע ווי שטײן פון ביכער די בלעטער,
אַזױפיל גײען אויף פון דאָרטן די צערן,
ווי פון הימלען פאַרכמאַרעטע, גרויע,
ס׳וואָלטן געעפנט זיך שוואַרצע טויערן.

פאַרוואָס שטומען בײ אײנזאַמע די טירן ?
דער טויבער טעלעפאָן, פאַרוואָס טוט גרינען
מיטן זשאַווער פון פינצטערער שטומקײט —
ווי פינצטער עס ווערט אַ פאַרלאָזענער ברונעם.

ווײנען די ווײסע בלעטער מיט צערן,
ווי עס ווײנען, בײנאַכט, פאַרלאָזענע וועלדער —
ווען אָנשטאָט צו בליען, די בײמער דאָרט דאַרן,
ווײל קעלטער די ערד ווערט און קעלטער.

וואו זענען יענע וואָס וואַרטן מיט בענקשאַפט
די זון זאָל אַ לײכט־טון אויף זײערע טירן ? —
יענע וואָס קריצן אויף בלעטער, זײער גערענקשאַפט
און ברענגען אונדז צו זײער אײנזאַמקײט צו פירן.

פאַריז, 1974

## ביי קאַלניקן אין אַטעליע

□

אין אָנדענק פון קינסטלער

### א. דער ווינט וויינט

ווער איז דער אָרעמער ייִד ביי דער וואַנט,
וואָס דער ווינט וויינט אין זיינע פאָלעס ?
וואָס ציטערט אַזוי זיין דאַרע האַנט,
ווי דער ניגון וועלכן איך הער —
אַ גילגול פון אַ ניגון ?

דער מאַן מיט די בלויע אויגן
האָט שטיל זיינע טירן פאַרמאַכט,
דאָס פענצטער צום דרויסן פאַרשטעלט.

— לאָמיר בלייבן מיט זיך נאָר אַליין,
פאַרשליסן אונדזער זען — ווערן קינדעריש קליין,
צו גיין דעם וייטן וועג צוריק אַ היים —
צום אָפּגעבליטן פעלד און סטערטשענדיקן סטויג,
צום אָפּגעברענטן בוים אין ליידיקן פעלד,
וואָס פירט צום טאַטנס איינגעפאַלן הויז.

מיר וועלן תפילה־טון, קדיש זאָגן בלויז —
דאָרט איז געבליבן אונדזער וועלט אָפּגעדארט.

ב. ציטערן סטרונעס

איך גיי נאָך דעם ציטעריקן ניגון
וואָס דער קלעזמער, אַ דאַרער ייד,
פאַרבלאָנדזשעט פון ווייטע נעכטנס,
האָט אין חלל אויסגעגליט.

וואָס ציטערט אַזוי דער ניגון?
ווען ער דערמאָנט זיך אומעטן טעג,
ווען ער דערמאָנט צערן פונעם וועג?

— קלעזמער, אַלטער קלעזמער,
אויף וועמען וואַרטסטו —
ווען ווידער אַ חתונה זיין?

נאָר דאָס קליינע פידעלע
שפּילט פאַר זיך אַליין.
ציטערט אויף סטרונעס
דעם קלעזמערס געוויין.

ג. טויטע שטאָט

דער מאַן מיט די בלויע אויגן
גייט צום הויכן דאַרן ייד.
ער גלעט זיין שיטער־גרויע באָרד,
דאָס אומעטיק טרויעריקע פּנים.

וואו גייט דער הויכער דאַרער ייד? —
אַ ים מיט אומעט אין זיינע אויגן.
דאָס הינדעלע אין זיינע שווערע הענט
קוואָקעט נישט. דאָס קעפּל איינגעצויגן —
ס'איז מיד פון קוקן און פון שטומען.

דאָס ברוינע הינדעלע איז נישט דערקענט —
אַלצדינג אַרום איז אַ ליידיקע פרעמד.
גרוי אַרום איז און שטיל,
ווי דער הויכער דאַרער ייד,
וואָס גייט און גייט
און האָט נישט וואו צו קומען.

אַ פולע שטאָט מיט קרומע הייזער
קוקן מיט בלינדע אויגן:
„וואו גייט דער הויכער דאַרער ייד?" —
זיינע אַקסלען שמאָלע, איינגעצויגן.

שטומע די גאַסן, ליידיק די הייזער, —
ווי דאָס ברוינע הינדעלע שטיל.
אויך די מויערן זענען פון שטילקייט מיד.

נישטאָ קיין רופער, נישטאָ קיין פרעגער,
אַפילו נישט עמעץ וואָס קומט מיט געבייזער —
וואו גייט, וואו גייט דער אַלטער ייד?

ד. דאָס רויטע עפּעלע

פון יענער זייט טייך ביי צעבראָכענע פלויטן,
וואו גרינע זשאַבעס קוואַקען אויס דעם אומעט, —
דעם צער פון ליידיק־חרובע הייזער —
שטייט דאָס פאַריתומטע יינגעלע,
איינער אַליין
אין פאַרנאַכטיקער שקיעה.

דאָס קליינע שמחת־תורה פענדעלע
רייסט דער ווינט פון זיינע הענט.
דאָס אַליין געמאַכטע בלויע ליכטל

איז פון לאַנג שוין אויסגעלאָשן,
צוזאַמען מיטן פרימאָרגנדיקן קריי
פון דער מאַמעס ווייסן הענדעלע.

נאָר דאָס רויטע עפּעלע ברענט
אַזוי ווי דאָס בראַנדיקע אויג,
וואָס איך האָב דערקענט
אין דער חרוב־פאַלנדיקער שטאָט,
ווען עס האָבן זיך געבראָכן מיינע ווענט.

ה. שבת־גאַנג

עס האָבן לאַנג שוין פאַרענדיקט דעם שבת־גאַנג
די באָבע מיטן אייניקל, אַ יידעלע אַ קליינס —
די אויגן פאַרוואונדערט מיט צער און מיט שרעק.

ס'איז געווען אַזאַ גרינער פאַרנאַכט,
וואָס האָט פאַרשלונגען זייערע טריט.
נאָר אין דער ליידיקער שול,
קלינגט נאָך ערגעץ זייער קול —
אַ טרויער־ניגון אין פאַרנאַכט:

גאָט פון אברהם, פון יצחק און יעקב —
ווער האָט אונדז בלינד געמאַכט?
ווער האָט אונדז שטום געמאַכט?
ווער האָט אונדזער טראָט אָפּגעהאַקט?

ו. מאַסקעס

קינדער, דערשראָקענע יידישע קינדער,
פאַרקלעמטע מיט צערן פון טאַטעס, —
אין גרויסע צעריסענע קליידער מיט לאַטעס.

פורים־שפּילערס, ווייסע חברה׳ניקעס —
מלך אחשורוש, אסתר המלכה
און דו, שקאָצישער מרדכי הצדיק —
קומט אַלע צוריק, קומט צוריק,
איר, יונגע פּרינצן אין שמאַטעס.

בלייבט אין די גרינע מאַסקעס,
כ׳וויל הערן אייער יום־טוב־געזאַנג,
דאָס פריילעך־וויציקע פּלוידערן:
„אַ גיטן פּורים אַל־עך,
ווי איך גיי פּאַל איך״.

טאַנצט אויף אַ פריילעכס,
דעם גליוּוער צערייסט.
זאָל אַ פלייץ־טון אייער געזאַנג,
ווי אין שטורעם אַ טייך.

•

דער אַלטער מאַן אַ געבויגענער,
שטרעקט די הענט צו אייך און בעט:
ברענגט צוריק די פאַרשוואונדענע פרייד —
פּורים־שפּילערס, ווייסע חברהניקעס,
קינדער דערשראָקענע, יידישע קינדער.

פּאַריז, 1961

□

בער שנאַפּער׳ן

ווײ,
ווײ איז אַ ליד.
דאָס שענסטע ליד פֿון צער,
דאָס טיפֿסטע געזאַנג אײן־זיך, —
ווי די תּפֿילה פֿון אַ פֿויגל,
פֿאַרטאָגס,
וואָס קײנער פֿאַרשטײט.
ווי דער שטילער שעפּטש פֿון טײכל,
פֿאַרנאַכט,
וואָס קײנער דערהערט,

ווײ איז אַ ליד.
און וואָס איז צער?
ווען אײן גליד טוט צום אַנדערן תּפֿילה
און אַלץ אַרום, —
דער מענטש און דאָס גראָז
בויגט דעם קאָפּ
און האָרכט זיך אײַן.

וואַרשע, 1938

## אן אלטער „היינט"

□

דעם אָנדענק פון משה שימעל

כ'האָב געזען היינט דיין ליד אין אַן אַלטן „היינט"
פון מיט פינפאונצוואַנציק יאָרן צוריק.
שוין דעמאָלט דו האָסט געאַנט דעם טויט,
ווי דער הונגעריקער האָט געחלומט פון ברויט.
נאָר פילאָזאָפיש — האָסט דיר געשאַפן אַ בריק
צום לעבן וואָס האָט נאָך ליכטיק געשיינט.

אַזוי־אָ מיין ברודער, דו יידישער פּאָעט,
האָסט געטראַכט, געחלומט, געהאָפט און געמיינט:
וועסט אָפּנאַרן זיך, דיין ווייב און דיין קינד,
ס'וועט די אַנונג פאַרשווינדן, ווי אַ בייזער ווינט;
און כאָטש דיין נעכטן, אין ליד, האָט ביטער געוויינט —
איז גרויליקער דיין וואָר, ווי פון דאַנטע דעם פּאָעט.

די שטומע קו, וואָס געהערט האָסט איר מעקען,
די קו איז פון לאַנג שוין אַלט געוואָרן —
דיין מיידעלע, יונג נאָר, איז געוואָרן פאַרשניטן.
האָט „די אַלטע באַנק" פון דיין ליד נאָר געליטן
און זי ברענט פאַר מיר איצט, ווי אַ בראַנדיקער דאָרן,
וואָס לעשט זיך נישט, ווי מען קען דיין ליד נישט פאַרמעקן.

כ'האָב היינט געזען אַן אַלטן „היינט",
אין אַ ליכטיקער שטאָט ביי אַ בלויען ים.

ניס, 1963

□

חיים קרול׳ן — צום אָנדענק

ווען ס׳וועט די זון
קלייבן אירע לעצטע שטראַלן
צום פאַרגאַנג —
גיי צום טייך,
טובל דיין לייב —
טוק זיך דריי מאָל אין וואַסער,
זאָלסט זיין געלייטערט פון זינד.
און ווען באַגינען וועט שיקן
דעם ערשטן שטראַל פון אויפגאַנג,
טובל זיך ווידער,
אַ געלייטערטער —
כ׳וועל אַ וואונדער דיר אַנטפלעקן:

אין אַ גאַס פאַרוואָרפן,
ווי פאַרגעסן פון דער וועלט,
וואו מיסט ליגט אָנגעהויפנט
און נאָך יעדן שפּאַן
פון דיינע פיס
מיאַעקעט אויס אַ קאַץ איר הונגער,
שטייט אַ הייזל אַן אַלטס,
אַ פּרוכנעדיקס צעהויקערט —
נעסטן אויפן דאַך דאָרט ווייסע טויבן.

איז אין הויז פֿאַראַן אַ שטיבל,
רוט דאָרט:
שיינקייט,
גוטס,
ליבע, —
דאָרט וואוינט אַ מענטש.

קוק אין זיינע אויגן,
לייכטן זיי —
מיט חכמה און מיט ליבע,
מיט לאַכנדיקע בענטשונג
אויף יעדנס קאָפּ.
כאַפּ אויף דעם שעפּטש
פֿון זיינע שטילע ליפּן:
דיין נשמה וועט ווערן ריין,
ווי דאָס שטיל־געזאַנג פֿון פֿויגל
און אַליין,
וועסטו וועלן גיין
אין די טריט פֿון זיין גאַנג,
ווערן מענטש — אַלעמענס פֿריינד!

פֿאַר פֿאַרגאַנג,
גיי צום טייך,
טובֿל דיין לייב;
וואַרט אָפּ,
דעם ערשטן שפּראָץ אויף טאָג
און טובֿל זיך ווידער,
אַ געלייטערטער —
כ׳וועל אַ וואונדער דיר אַנטפּלעקן.

לאָדזש, 1932

ליד פון „זשידעק" צו יוליאַן טוּבים
□

אין אָנדענק פון דיכטער

איך קום צו דיין פענצטער
מיט מיין טרויעריק געמיט,
אַ זינגער — אין שמאַטעס
מיין לייב איז געהילט.
דאָס פנים צעריסן,
צעבלוטיקט די פיס,
מיין אויג האָט אַ שטערן
אַ לעצטער צעגליט.

איך קום צו דיין פענצטער
און ברענג דיר אַ גרוס
פון יעזוס דערלייזער,
וואָס וויינט אין דיין ליד —
ער שענקט דיר צוריק
דעם ווינטיקן שטויב
פון דאָרט וואו דו האָסט
אונטערטעניק געקניט.

איך קום פון אַ וועג
פון רויכן און אַשן — — —
דערקענסט מיך נישט, ברודער,
דעם זינגער דעם ייד —
איך האָב נאָך דעם גראָשן
וואָס האָסט מיר געשאָנקען
אַמאָל אין דער פרי —
ס'האָט די ערד שוין געבריט.

איך ברענג דיר דעם גראָשן
געפונען אין שטויבן;
ברענג פאַרגליווערטע טרער
פון דיין מאַמען אַליין — — —
איך רוף צו דיין טיר,
איך קלאַפּ אין די שויבן,
נאָר כ'הער פון דיין שטוב
אַ שטומען געוויין.

לאָדזש, 1947

צום קינסטלער

□

ז. שרעטערן — אין פאַרערונג

ביי דיין טיר וואוהין איך בין היינט געקומען,
אויפגעשפּרונגען איז פאַר מיר אַ רויטער באַלעם,
וועלכער האָט מיט ציטער־קלאַנג באַגלייט —
אויפגעוועקט מיין פאַרדרעמלטן זכרון.

דער רויטער באַלעם.

אַמאָל איז דער באַלעם געווען דאָך ברוין,
מיט פלעקלעך גרויע אויף ריסן פאַרשטעלט,
וואָס האָבן צעקרומטע דעם קיילעך געביטן —
אַ בערגל אויף בערגל אַרויס און אַריין.

פלעקלעך גרויע.

איז עס דער באַלעם אויף דיין זיידנס הויף
ווען כ׳האָב ביי ר׳ שואלן אויסגעהאַקט אַ שויב ?
דאָרט האָבן געשפּיגלט אין שפּליטערס פון גלאָז —
זונען מיט זונען אין שטראַליקן גאָלד.

שפּליטערס פון גלאָז.

דיין זיידע דער חשוב איז שוין מער נישט געווען,
נאָר איך בין אַלץ געלאָפן צו „שרעטערס הויף״,

אין „מלחמות" איינצונעמען דאָס רויטע הויז —
אַ פֿאַרגליווערטע שיף, פּוסט און טויט.

דאָס רויטע הויז.

ווען איז דאָס געווען? אין וועלכער ווייט?
פֿאַר מיר ווי פֿאַר דיר איז אַלץ דאָרט פֿאַרשטומט:
דער פֿאַרלאָזענער הויף און די פֿאַלאַזענע גאַס —
מיטן שוואַרצן צאָרן אין בלוטיקן האַס.

איז אַלץ דאָרט פֿאַרשטומט.

●

פּאַריז, מאָנפּאַרנאַס — אַ צערודערטער טייך.
דאָ האָב איך דיינע ליכטיקע שיפֿן געזען,
דעם גרוי־שטורמיקן ים, מיט גרוי־ציטעריקן הימל.

האָבן די ברוינע שיפֿן מיך געברענגט צו דיין טיר,
וואו דער רויטער באַלעם שפּרינגט איצט צו מיר —
און דער גרינער בוים איז איינגעהערט אינעם שיר.

דער רויטער באַלעם שפּרינגט איצט צו מיר.

פּאַריז, 1972

## די מאַלעריו

□

דאָס פּנים פון דער פרוי
וואָס דער טאָג האָט פאַרגרויט,
געקאַרבט איר דינע הויט —
יאָר־אויס אַזוי, יאָר־אויס —
געצייכנט שוועלן — גאַנג־אַרויף,
געצייכנט שוועלן — גאַנג־אַראָפּ —
דאָס פּנים פון דער פרוי איז פאַרטראַכט,
איז פאַרשפּילט מיט שאָטנס פון נאַכט.

גרינס און גרינס
אויף פענצטער און אויף ווענט ;
אויף ביימער, וואָס שקיעה
האָט זייערע שפּיצן צעברענט.
בלויט דאָס אויג פון דער פרוי
מיט דער שיין פון העלע ווייטן.

זעט זי איצט אין חלום —
יונגע רייטער קומען צו רייטן
אויף אַ ליכטיקן וואָלקן
פון פאַרשוואונדענע צייטן.

•

ס׳איז שבועות אויף דער וועלט.
דאָס גרינס פון בועז׳ס פעלד
האָט מיט יונגשאַפט איר באַשיינט.
מיט טרוים איר באַחנט.

דער גרינער יום־טוב,
וואָס אויף שויבן און אויף ווענט —
און די שקיעה, וואָס דער בוים
האָט אין ליכט אויפגעברענט —
דער גרינער יום־טוב בליט
אויף אירע אָדערדיקע הענט,
אויף איר פּנים און געמיט.

די פרוי איז איצט צעשפּילט.
די בלימעלעך פונעם בילד,
וואָס איר פענדזל טרערט אויס
באַצירן רות׳ס גאָלדענעם קאָפּ.

ווי שיין ס׳איז דער גאַנג־אַראָפּ
אין יענעם ליכטיקן טאָל,
ווען דער אָוונט אין דרויסן
העלט, ליכטיק צעהעלט.

בלוי איז דער הימל
און ליכטיק די שטערן
עפנט נעמי אירע מאַמע־הענט
און נעמט איר מיט אין גרינעם פעלד.

ס׳איז שבועות אויף דער נאַכט
אין אַ חלומדיקער וועלט.

פּאַריז, 1955

## די רויטע פיש

□

אַזאַ שטורעם דאָרט גליט אין ווינקל פון ים, —
די רויטע פיש ווילן פרעסן די גרינע;
פאַר ווען די פיש טראָגן אי לעבן, אי סם —
און שפּעטער געפינט מען פאַר הריגה אַ זינען.

ביים ברעג כ'זע אַ מענטשן, דאָס ליכט זיינס איז טויט,
נאָר דו האָסט פאַר אים געצונדן דיין טרויער,
וואָס וועט אויף זיין וועג — דער ווין זיין, דאָס ברויט
אין היילן וואו ס'איז שוין פאַרשטומט אויך דער לויער.

דער ים ברויזט מיט שטורעם, איך בלייב איצט מיט דיר,
דיין צער און מיין צער וועט אומעטום גליען —
אין נאַקעטן פעלד; ביי אַ פאַרשלאָסענער טיר,
וואו ס'וועלן די טרערן ווי טויען אויפבליען.

עין־הוד, 1977

# פלעקן אין א ראם

□

כ׳קוק אויפן מענטש
און זוך דעם מענטש.

אין דער גאָלדענער ראַם
דער פלעק איז דאָ.
און דער מענטש ? —
דער מענטש איז נישטאָ.

וואָס זענען די טונקעלע פלעקן ?

אַ ליכטיקער ווייס,
אַ טונקעלער ברוין,
אַ פינטעלע רויט —
אַ טרער אויפן זוים
פון ליכטיקן קלייד.

וואָס זענען די ליכטיקע פלעקן ?

די גרויע און בלויע הייזער
פֿאַרמאַכט אַלע טירן —
זיי זענען דאָ.
קלעטערן אויף טרעפּ אַרויף
באַרג אַרויף, באַרג אַרויף.

ציען זיך די הייזער
צום הימל מיט געבעט.
גאָטס האַנט האָט די הייזער
מיט ליכטער געגלעט —
נאָר וואו איז דער מענטש ?

דער מענטש אויף דער פּלאַך
אַ פּלעק אויף אַ פּלעק.
וואוּהין איז דער וועג, —
דער אָנהייב און ברעג ?
שוין ווידער אַ פּלעק —
און דער מענטש איז נישטאָ.

וואָס זענען די ליכטיקע פּלעקן ?

פּאַריז, 1954

בער שנאַפּער

□

פאַרוואָס און צוליב וואָס, מיין חבר,
געוואָלט האָסטו ווערן אַ בוים?
געוואָלט שווייגן ווי אַ בוים,
ווען אין דיר האָט געברויזט,
האָט געקאָכט און געשוימט.

אפשר גאָר, אפשר, דו האָסט נאָר געמיינט —
דעם צוויט וואָס איז אין פרילינג צעשיינט?
דאָס גרינען און דאָס בליען,
די צאַרטקייט פון אויפקום —
דיין בענקשאַפט צו שטילן?

אַזויפיל אומרו געווען אַרום דיר —
אַזויפיל בייזקייט געווען איז אין דיר,
אין דיינע גרוי־פאַראָרעמטע טעג,
ווען האָסט אַ געבאָרגטן ציגאַר
מיט אַ געשפּאָלטן שוועבעלע געצונדן.



און אויף דיין אייזערן בעטל, די שטייג,
וואו פלעגסט דיין צער אויסבאַהאַלטן —
ווען אין הונגער געווען ביסט געבונדן —



מ. וואַלדמאַן

אין ברומען פוי וויי, האָסט דיינע לידער געבוירן
און דאָרט ערשט געעפנט דיינע פאַרמאַכטע טויערן
פאַר אַלעמען אַרום — ליב דיר און פרעמד.

נאָר פאַרוואָס דווקא מיין חבר,
געוואָלט האָסט ווערן אַ בער:
אין שטומעניש — צו ברומען?
אין ברומעניש — צו שרעקן?
אפשר, אפשר אַזוי האָסט געמיינט?

נאָר פאַרוואָס האָסט נישט בעסער
געוואָלט ווערן אַ וואָלף,
צו קענען מיט חכמה —
אַ ביס־טון דאָס שלעכטס —
אָט יענעם, אין לעמבערג,
וואָס האָט אין דיין בעט,
אַ קראַנקן דיך דערשאָסן...

●

פון אַלע „בלאָע ווערטער" דיינע,
ליד פון אומרו און ליד פון חלום,
געבליבן איז אין מיר פון בוים
אַ דינער, דינער שפליטער:
— פ אַ ר וו אָ ס?

פאַריז, 1979

## דאָס פּאַנטאַנדל פֿון עקס

□

פֿאַר גוסטאַ סדן

דאָס בלענדיקע וואַסערל מיטן קליינעם פֿאָנטאַן
האָט דאָס זילבער־ליכט פֿון סעזאַנס אויגן.
זיין רחבות׳ן און תמימותן בליק,
וואָס צעליכטיקט די שאָטנס פֿון דער גאַס,
שיינט אַריבער די גאָלדענע בריק —
וואָס די זון האָט אירע שטראַלן אָנגעטון.

שטיי איך ביים קליינעם פֿאָנטאַנדל געבויגן,
צו טרינקען די שייניק־זילבערנע טראָפּנס
און אַריינגעמען אין זיך דאָס שייניקע ליכט —
וואו עס ליכטיקט דאָס ליכט פֿון סעזאַנס אויגן —
טריף־טריף, ליכטיקער וואַסער־טראָפּ.

●

פֿון קליינעם פֿאָנטאַנדל — אַ שמאָל פֿאַלעכל,
פֿאַלט מיט ליכט אויף מיין האַנט וואָס איז קאַלט.

עקס־אַן־פּראָוואַנס, 1965

# מיט לייוויקן אויף בולוואַר מאַזשעַנטאַ



מיכאל מילבערגער

## דו פירסט מיך

□

דו פירסט מיך איצטער צום מאַן פון די שטערן,
דער מאַן פון די שטערן איז לאַנג שוין אַ שטערן.
דאָס ליכט וואָס ער האָט אונדז געלאָזט איז אַ שטערן,
וואָס ליכטיקט און ליכטיקט אין טויזנטער שטערן.

פיר מיך, פיר מיך, צום מאַן פון די שטערן.

דו פירסט מיך אֶיצטער צום מאַן פונעם חלום,
דער מאַן פונעם חלום איז לאַנג שוין אַ חלום.
אויף יענער זייט חלום בליט ווידער דער חלום,
וואָס האָט זיך אין מיר אויך פאַרוואַנדלט אין חלום.

פיר מיך, פיר מיך, צום מאַן פונעם חלום.

פרינסטאָן, 1968

## דאָס ערשטע ספר



ה. ליוויק

עס האָט זיך שוין פֿאַרלאָשן אַ שייטער נאָך אַ שייטער,
נאָר ערגעץ אויף אַ בוידעם פֿלעמלט נאָך אַ פֿלאַם.
מיין חדר איז געווען דאָ, עס פֿירט אַרויף אַ לייטער,
דאָ האָט מיך מיין רבי געלערנט וועגן שטאַם
און ס'איז זיין שטים געווען מיין שטענדיקער באַגלייטער,
ווי ליכט־שיין איז פֿאַר שיפֿן פֿאַרבלאָנדזשעטע אין ים.

כ'האָב אַלץ פֿונסניי דערקענט און האָב דערזען אַ נס —
עס ברענט נאָך די מנורה מיט צאַנקנדיקע ליכט;
אויף דער ערד מיין רבי זיצט, בלייכער ווי אַ מת,
פֿאַרצויגן זיינע ברעמען מיט גרויען שטויב געדיכט.
אויף די ווענט עס הענגט אַלץ דער רמב"ם, משה העס
און אין שענקל ספרים — געסדרט שיכט אויף שיכט.

כ'בין צוגעגאַנגען נאָענט — די רוקנס קושט מיין האַנט,
דערקענט מיין יידיש אות און מיין ספר — יידיש.
מיט ליכט עס גייען ווידער אויף אַ וואַנט נאָך אַ וואַנט;
שטייט מיין רבי אויף און שעפּטשעט ווי צום קידוש,
אַ שטילן אַלטן ניגון פֿון ווידער־זיין ביינאַנד —
און ס'ווערן מיינע אויגן אויפֿגעשיינט מיט חידוש.

בליצן אותיות אויף — דאָס ספר אין די הענט —
ווי פונקען פון אַ שלייף־ראָד, וואָס צינדן זיך און לעשן;
ווי כ'וואָלט געוואָרן ליכט און פון ליכט אַליין פאַרבלענדט,
גייט אויף אין מיר די וואָר — אין האַלב־וואָר שוין פאַרגעסן.
ווי כ'וואָלט אין אָט דעם נס אַלץ פונסניי דערקענט: —
מיין טאַטנס שטומען קרעכץ, דער מאַמעס שטילן העשן.

מיר פאַלן צו דער ערד צו און בלייבן ביידע שטום
און שטומערהייט, אין צווייען, מיר ריכטן אָפּ אַ תפילה.
דאָס ספר זיך צערעדט מיט שפּראַך פון לייבן־ברום,
וואָס צעצינדט דאָס בלוט און די מחשבות קילע.
דער רבי מיינער רופט: קום תלמיד מיינער, קום —
עס איז די צייט פון ווערן נאָך אַ מאָל נתגלה.

עס האָט זיך שוין פאַרלאָשן אַ שייטער נאָך אַ שייטער,
נאָר ערגעץ אויף אַ בוידעם פלעמלט נאָך אַ פלאַם.
מיין חדר איז געווען דאָ, עס פירט אַרויף אַ לייטער,
דאָ האָט מיך מיין רבי געלערנט וועגן שטאַם
און ס'איז זיין שטים געווען מיין שטענדיקער באַגלייטער,
ווי ליכט־שיין איז פאַר שיפן פאַרבלאָנדזשעטע אין ים.

לאָדזש, 1946

מיט לייוויקן אויף בולוואַר מאַזשענטאַ

□

א

אויף בולוואַר מאַזשענטאַ איך גיי אין דעם שפּור
פון יענעם פרימאָרגן, ווען האָסט דאָ געשפּאַנט.
מיט בלויער וואָר גייט אויף יעדער קלאַנג,
וואָס כ'האָב אויף מיין לאַנגן וואָגל — געאַנט.

יעדער שטיין דאָ זינגט לידער פון באָדלער, וויאָן,
וואָס פליגלען אַריבער מיין קאָפּ, ווי אַ טויב.
איך הער אין דעם פלאַסטער דאָס שעפּטשען פון דורות,
וואָס העלן אויף ווענט, אויף טיר און אויף שויב.

ב

אויף בולוואַר מאַזשענטאַ איך שפּאַן איצט מיט פרייד,
דער יולי־טאָג בליט מיט מיין יידיש געזאַנג.
די גאַס ווערט צעהעלט — ווי אַ ליכט־שטראַל פאַרשפּרייט
איז ליכטיק און לויטער און גרינג מיר דער גאַנג.

דעם גרוי פון דער גאַס האָט באַזילבערט דיין קאָפּ
דאָס וואָרט צינדט די הייזער מיט ווייסקייט פון שניי.
פון שטרעקעס די ווייטע — צעשיינט אין דיין ליד —
וואו פאַרשמידט אינעם אייז איז פאַרזיגלט דיין וויי.

ג

אויף בולוואַר מאַזשענטאַ כ'הער קלינגען די קייט
וואָס ווייט אין סיביר, אויף דיין פוס האָט געשווערט.
פון ווען כ'הער דיין ליד האָט די קייט מיך באַגלייט,
איר שטאָלענעם קלאַנג כ'האָב תמיד געהערט.

געקלאַנג אין געזאַנג — עס פירט מיך די קייט
צום אָרט וואו עס ליגט נאָך דער קרבן געפענט;
זיין קאָפּ איז אין וואונדן, פאַרקראַמפּטע די הענט
און דער פלאַם וואָס דאָרט פלאַמט, ווערט נישט פאַרברענט.

ד

אויף בולוואַר מאַזשענטאַ עס צינדט זיך דער פלאַם
וואָס צינדט דעם אַרום, אַלע וועגן צעשפּרייט.
פון פייער דעם בלויען, איך זע ווי עס שפּאַנט
דער גואל — אין קייטן — וואָס ווערט נישט באַפרייט.

הייבסט דיין ליכטיקן קאָפּ, באַזילבערט ווי שניי,
אַרויף צו די הייכן, וואָס בענקען נאָך תפילה...
אין ראָג פון דער גאַס כ'הער אַ יאָמער־געשריי
עמעץ וויינט, עמעץ בעט — אין בענקשאַפט נאָך גאולה.



אויף בולוואַר מאַזשענטאַ איך גיי אין דעם שפּור
פון יענעם פרימאָרגן, ווען האָסט דאָ געשפּאַנט.
מיט בלויער וואָר גייט אויף יעדער קלאַנג,
וואָס כ'האָב אויף מיין לאַנגן וואָגל — געאַנט.

פּאַריז, 1958

# גזר



צום אָנדענק פון משה באַסאַק

## א

האָסט אָנגעריירט מיט די הענט דאָס פייער,
נאָך איידער ס'איז געקומען צו קילן דיין גוף.
האָסט עס אָנגערופן ביים נאָמען — גזר.

גייסטו אַקעגן דעם שטומען רוף —
פאַר אַלע ליכטיקייטן צו צאָלן דעם שטייער,
ווייל אַזאַ איז דער חשבון — גזר.

## ב

דער בוים וואָס האָט מיט גרינען געבליט,
איז שוין נאַקעט, פאַרטרוקנט און דאַר;
דאָס געזאַנג פונעם פויגל — פאַרשטומט.

דער טאָג וואָס האָט ערשט געליכטיקט,
פאַרגייט איצט רויט אין דער נאַכט —
אַ שטערן נאָר בלייבט צעבלינצלט, צעגליט.

ג

האָסטו פריער די שטילקייט באַנומען,
האָסטו פריער די קולות פאַרנומען,
דעם הימל מיט צערן באַטראַכט —
נאָך איידער דער וואַלד האָט געברענט.

איצט גייסטו מיט אויסגעשטרעקטע הענט,
צום תהום וואָס איז פול מיט געפאַר —
אָנצונעמען מיט די פינגער דאָס פייער,
דעם הייס־קאַלטן גליווער פון גזר.

פאַריז, 1971

## דער מענטש פון ליים

□

פאַר מיכאַל מילבערגער

**א.** אין דערוואַרטונג

זיבן איילן די לענג, זיבן איילן די ברייט,
אַ שטוב מיט אַ פענצטער, אַ קרומער דאַך;
אַ בערגל מיט ליים ליגט אָנגעגרייט —
דער ליים שלאָפט, דער שעפער איז וואַך.

זיבן איילן די לענג, זיבן איילן די ברייט,
אַ בלויע שעה צינדט אָן די שויב;
דער ליים נעמט זינגען: מיין האַר, כ'בין גרייט,
פאַרוואַנדל אין ליכט אַ פינצטערן שטויב.

זיבן איילן די לענג, זיבן איילן די ברייט,
דער שעפער טוט תפילה ביים סוף פון דער נאַכט;
ער זעט אַ שנייפעלד, אַ פאַרשנייטער דאָרט גייט,
וואָס קומט מיט אַ בשורה פון שניילאַנד געבראַכט.

ב. געקנאָטענער ליים

צען ליכטיקע פינגער אין ווילן געשפאַנט,
קנעטן פון ליים אַ מענטשיש געשטאַלט.
איך זע דעם וואונדער וואָס ברענט אויף דער האַנט:
מיין טרוים און דיין טרוים אין ליים דאָרט באַהאַלט.

צען ליכטיקע פינגער פון ווילן באַהעלט,
באַוועגן זיך נעמען פאַרשלאָסענע ליפּן.
און ליים ווערט באַרירט מיטן גייסט פון דער וועלט —
איך הער ווי פון ליים־גוף דערטראָגט זיך אַ כליפּען.

ג. געפייניקטער

געפייניקט ווערסטו ווידער, דו ליכטיקער, באַשיינער,
ביסט ווידער אַ געשטראָפטער, מענטש פון ליים.
וואָס עס וויל פון זיין באַשאַף דער שעפער ווייס נישט קיינער,
און ווידער זענען ליפּן פאַרשלאָסן און געהיים.

ד. דער שלאָס

כ׳האָב געזען דיך ליגן
מיט שטומע שטייפע ליפּן;
פאַרשלאָסן איז דער שלאָס —
צוויי לעבעדיקע ריפּן.

צוויי לעבעדיקע ריפּן
פון גרויען טויטן ליים.
עס פרעגן שטום די ליפּן:
ווער ברענגט מיך צוריק אַהיים?

ה. אַ שטראַל

וואוהין ביסטו געגאַנגען, דו מענטש פון ליים,
אויף וועמענס רוף ביסטו אַוועק?
וואוהין וועסטו אָנקומען, דו מענטש פון ליים,
צו וועלכן נייעם דערנערוועג?

וואוהין ווערסטו פאַרטריבן, דו מענטש פון ליים,
רופט דער גולם דיך, צי רופט דער מהר״ל?

איך האָב געזען דיך צעבלוטיקט, דו מענטש פון ליים,
און אויף דיין שטערן רינגלט זיך אַ שטראַל.

ו. גייסט און גוף

דער מאַן מיט די ליכטיקע פינגער
איבער ליים איז ווידער געבויגן.
ער מורמלט די רייד פונעם זינגער
וואָס האָט אים געעפנט די אויגן.

אויף רחבותן ווייטע געגאַנגען,
פאַרלוירענע היים נישט געפונען.
איצט ווערט ער פון לידער געפאַנגען
וואָס ר׳האָט ביי דער מאַמען גענומען.

דער מאַן מיט די ליכטיקע פינגער
זיין אומרו אין צער האָט געשליפן;
דעם ליכטיקן גייסט פונעם זינגער
אין ליים וויל ער ווידער פאַרגופן.

זינגט ער די היימישע לידער
רעדט ער די היימישע רייד —
דער טאָג ווערט מידער און מידער
דער מענטש אָבער ווערט איצט באַנייט.

## די האק

□

די האַק איז נישטאָ,
איר שאַרף נאָר איך פיל —
ס'האָט ווידער דער גולם
נקמה גענומען.
פון ערגעץ אַ חורבה,
די פאַרלאָזענע מיל,
איז עמעץ אַ פרעמדער
אַהער דאָ געקומען.

דו האָסט נישט געהערט אים,
דו זעסט אים נישט אָן.
— ווער האָט אים געשיקט
ער זאָל איצטער קומען?
פון אַ ווינקל אַרויס
ווײַנט אַ זילבערנער טאָן:
דער באַשאַפער איז דאָ —
דער באַשאַף איז אַנטקומען.

פאַריז, 1971

שאָטנס



ווער זענען די וואָס קומען
מיט פנימער פאַראומערטע.
פאַרלאָשן אַלע זונען —
די פּיינען — אויפגעשטורעמטע.

ווער זענען זיי די טרויעריקע
מיט ליפּן איינגעקוואַרטע ?
דער ווייַ אַ פאַרשלאָסענער,
די פּיינען איינגעדאַרטע.

געבויגענע, געהויקערטע —
אָנגעגליט דער צאָרן ;
דער הימל ליגט אַ פינצטערער —
פאַר יעדן טראָט אַ דאָרן.



מ. וואַלדמאַן

ווער זענען די געפּלאָגטע,
ווער האָט זיי דאָ געבראַכט?
דאָס וואָרט דאָס נישט דערזאָגטע,
שרעקט מיט בלינדער נאַכט.

שאָטנס אויף די וועגן,
אומרו אומעטום.
וועמען קען מען פרעגן
ווען אַלע זענען שטום?

פּאַריז, 1971

ווייסער מאַן

□

ה. לייוויקן — אין דערמאָנונג

ווייסער מאַן מיט ווייסן קאָפּ, —
אין ווייסן אָנגעקליידט,
דאָס וואָרט דיינס, ווייס
און ווייס איז דיין געדאַנק,
אַ ליכטיקער געשאַנק —
וואָס בלענדט און בלענדט;
און מיט ליכטיקייט באַשיינט
דעם אויפקום און אַנטרינען —
אַזוי פון ווייטסטן וועג געקומען
ביזן לעצטן וועג אין ווייט.

אויף וועלכע ווייסע וועגן
ווילסטו איצט מיך פירן?

ווייסער מאַן מיט ווייסן קאָפּ —
עס שטראַלט־אויף דיין ליכט
וואָס צינדט אָן דעם הימל,
פאַרגליוועט, פאַרגרויט;

ליכטיקע העלקייט פון שטערן,
וואָס ציטערט און בלויט;
שיינט אַריין אין די וועלדער,
וואָס שרעקן מיט אימה,
מיט פינצטערן צאָרן פון דורות.

אויף וועלכע ווייסע וועגן
ווילסטו מיך פירן?

ווייסער מאַן מיט ווייסן קאָפּ —
דיין ווייסע האַנט וואָס שימערט
מיט שטראַליקן שטערן,
ציטערט אויס אין מיר אַ ניגון,
וואָס וויגט זיך, שוועבט —
אַ כוואַליע אַהין,
אַ כוואַליע אַהער —
אַ שיפל אויף ימען —
אַרויף און אַראָפּ און פּאָרויס —
פון דיר ערגעץ ווייט,
צו מיר אין די ווייטן.

ווייסער מאַן מיט ווייסן קאָפּ —
אויף וועלכע ווייסע וועגן
ווילסטו מיך פירן?

פּאַריז, 1966

## עס ברענען די שעהן

□

„איך צינד אָן געשטאָרבענע פייערן״
ה. לייוויק

איך עפן פאַרשלאָסענע שייערן
פון דיכטערס געבליבענעם ליד;
איך זוך דיך דערלייזער, אַ נייערן —
דער אַלטער איז קראַנק שוין און מיד.

אויף וועגן איך גיי אַ פאַרלוירענער,
די פייערן צעברענען דעם טאָג;
איך זוך דיך, ערשט ניי־געבוירענער —
באַפרייער פון פינצטערער קלאָג.

ברענען די שעהן צעפלאַקערטע,
צעגליען דעם שפּיציקן שטיין
און איך בלייב מיט צערן, צעאַקערטע,
אין טרויער, ביינאַכטיק — אַליין.

וואַרט איך אויף שעה דער געלייטערטער
צו ברענגען מיין תפילה פאַר דיר;
דערווייל דו ביסט אַ פאַרקייטלטער,
הינטער פאַרקאָוועטער טיר.

„איך צינד אָן געשטאָרבענע פייערן״
פון דיכטערס געבליבענעם ליד;
איך זוך דיך דערלייזער, אַ נייערן —
דער אַלטער איז קראַנק שוין און מיד.

פּאַריז, 1971

## קלענער ווערן די בערג



העגריק שערער

שרעק
□

די טויבע לאָדנס פון מיין פענצטער,
קרעכצן־אויס אין די נעכט זייער שטומקייט —
שרעק.

דאָס שטומע בעט, מיין געלעגער,
וויינט־אויס אין די נעכט, זיין טויבקייט —
שרעק.

מיין שלאָפנדיק ווייב, יעדע נאַכט,
חלומט־אויס איר מאַמעס פאַרגיין —
שרעק.

נאָר איך אַליין בין וואַך.
מיט אַלע מיינע צערן —
נישט אויסגעקרעכצטע טעג,
נישט אויסגעוויינטע נעכט.

●

כ׳קוק אין דער שוואַרצקייט פון מיין הויף
און דערהער דאָס ברומען פון צעבראָכענעם דאַך,
וואָס קומט פון מיין חרובער היים.

שפּאַן איך אין מיין פיבערדיקן טראָט,
צווישן פענצטער און בעט —
מיט פאַרקריצטע ציין.

פּאַריז, 1956

## צווישן טאָלן

□

ווי שיפלעך די טאָלן צווישן די בערג,
משופּע׳קער גאַנג אַרויף און אַראָפּ.
דער פרעמדער וואָס גייט דאָ פאַרביי,
האַלט טיפער געבויגן דעם קאָפּ —
ער האָט מורא פאַרן גאַנג אַרויף,
ער האָט מורא פאַרן גאַנג אַראָפּ.

בהמות ברוינע צופוסנס די בערג,
פּאַשען זיך, אָן פּאַסטוך — אַליין.
— וואו זענען די מענטשן באַהאַלטן? —
און וואו די בהמהשע היימען?
דעם פרעמדן, וואָס גייט דאָ פאַרביי,
ווילט זיך פאַר איינזאַמקייט וויינען.

דער פרעמדער געבויגן און קליין,
האָט מורא צו קלעטערן, שטייגן —
די הויך איז דאָך פול מיט געפאַר.
ס׳קען דער ווינט זיינע פליגלען פאַרשפּרייטן,
אים פאַרטראָגן צו אָן־סופיקע ווייטן —
ווער וועט דערהערן דעם פרעמדנס געוויין?

פּאַריז, 1961

# קלענער ווערן די בערג

□

Für Alfred Sidler

איז דער פּילאַטוס געווען אַ מאָל שענער,
די דיטשע־בערג געווען אַ מאָל גרעסער? —
ווער האָט מיך דאַן צו די שניי־בערג געפירט?
אַלע ווייטקייטן האָבן מיט זילבער געמיניעט,
דאָס קול פון פרייד צו די הימלען געגרייכט.
היינט איז יענע פרוי מער נישטאָ.

דער וואָס האָט איר שוואַרצן קאָפּ געקושט —
מיט פאַרביקע ליכטער דאָס אויג אויפגעלויכטן,
די זילבער־שאָטנס אין שניי איר געוויזן,
די שטראַלן פון גרינע פעלדער פאַרהיימישט —
מיט ליבשאַפט זי האָט אַ זון אים געגעבן.
יענע פרוי איז היינט מער נישטאָ.

חאָט ער פאַרקברט דעם טרויער אין זיך,
וואָס וויינט אין זיינע צעשויבערטע נעכט
און פאַרשטומט פאַרטאָגס אין טונקעלע בילדער —
שוואַרצע פלעקן, רויטע — און די פרוי הינטער זיי.

שאָטענען די טעג אין גרויען אומעט
און דורך די ברייטע פענצטער פאַרוואָלקנט —
דער פּילאַטוס און די דיטשע־־בערג,
ווערן קלענער און קלענער.

1975 ,גענף

## דאָס פענצטער שפּיגלט זיך ליכטיק

□

ווען זעסטו און ווען רופסטו?
ווער זאָל קומען מיט ליכטיקער האַנט
און גלעטן דיין אויג?

דאָס פענצטער שפּיגלט זיך ליכטיק,
ווי עס שפּיגלט זיך ליכטיק דער הימל,
נאָר קיינער שאָטנט דאָרט נישט פאַרביי.

דאָס אָפּגעגרינטע פעלד איז אויך איצט פאַרשטעלט —
וואַרטסטו און וואַרטסט אַז עמעץ זאָל קומען,
און גלעטן דיין אויג.

— פאַרוואָס איז די בלויע טיר פאַרמאַכט?
נאָר פון יענער זייט טיר הערסטו אַ ניגון,
וואָס האָט דיך אויף גרינע וועגן באַגלייט.

וואַרטסטו און וואַרטסט עמעץ זאָל קומען
גלעטן דיין אויג און מיט ניגון פאַרוויגן.

פּאַריז, 1974

צו וועמען

□

די קראַנקע וואָס רוען אויף שניי־ווייסע בעטן —
צו וועמען, צו וועמען זייער תפילה ביינאַכט?

די ביימער אין גרויע שאָטנס פאַרטונקלט —
צו וועמען, צו וועמען זייער תפילה ביינאַכט?

די גרילן אין הויז וואָס גרילן און גרילן —
צו וועמען, צו וועמען זייער תפילה ביינאַכט?

●

צעעפן איך ברייט מיין לבנה'יק פענצטער —
אפשר וועל איך וועמענס אַ תפילה דערהערן.

האָט דאָס גרויע פלאַטערל אויף בלויער שויב
אַ קרייז געמאַכט און געשטעלט אויף מיין שטערן.

ראַמבויע, 1974

## דער אינוואַליד

□

האָט פּלוצים אַ מענטש זיך צעקרעכצט:
— פאַרוואָס האָט מען צוגענומען די ביימער?
זיי זענען שטיל און וויגן איין מיין וויי —
פאַרוואָס האָט מען מיר צוגענומען די ביימער?

איך בין שוין מיד פון קוקן אויף די מענטשן
און ענג איז מיר צו זען די גרויע שטיינער.
אויב איר קאָנט מיר נישט אָפּגעבן מיינע פיס —
גיט צוריק מיר דעם וואַלד, גיט אָפּ מיר די ביימער.

ראַמבויע, 1974

### דעם טאַטנס הונט

□

די שוויאַטיצקיט

ליידיק דער שטול בלייבט, דער טיש אַ געגרייטער,
די איינזאַמע פרוי פון צער איז פאַרדאָרבן.
דעם טאַטנס הונט, זיין לעצטער באַגלייטער,
פון בענקשאַפט און טרויער איז נעכטן געשטאָרבן.

די איינזאַמע פרוי ציילט די קלעפּיקע שעהן,
וואָס קריכן ווי שפּינען דורך אָפענע טירן.
זי וויל וועמען רופן — די ווערטער פאַרגראָען;
נאָך איידער זיי גליען, זיי נעמען שוין פרירן.

פרעגט די איינזאַמע פרוי ביי ליידיקע ווענט:
וואָס איז דען אַ הונט אינעם מענטשנס זיין? —
ווען אַליין איז דער הונט, אַליין איז דער מענטש,
וויל איינער דעם צווייטן זאָל וואַרעמער זיין?

ס'איז ליידיק דער ווינקל וואָס שרעקט מיט געוויין,
טליעט דער צער ווי אַ פאַרלאָשענער שייטער —
און שווער ווערט און שווער צו בלייבן אַליין.

וואַרשע, 1963

## אפשר



אפשר ווייסן יאָ די קי
וואָס זיי דערוואַרט.
אפשר אַפילו איז אַמאָל
דער בוים אויך פאַרטראַכט
ווען סוף פון די סופן —
ווען אַלץ ווערט פאַרמאַכט.
אפשר ?

איז נישטאָ מער קיין לאָנקע
פאַר דער אָרעמער קו ;
פאַרשווינדט אויך דער וואַלד,
פאַרן בוים וואָס נישטאָ.
נישטאָ מער קיין זון,
קיין שטערן ביינאַכט —
פאַרן הונט אין זיין בייזקייט
צו דער לבנה — פאַרטראַכט.

איז נישטאָ מער קיין הימל,
קיין פויגל וואָס זינגט
און אויך נישט דער טייך
וואו דער הימל זיך טרינקט.

און אפשר? —
אפשר ווייסן יאָ די קי
וואָס זיי דערוואַרט!

פּאַריז, 1973

### חלום־שיין



דער שלאָפנדיקער מענטש זוכט מיינע טריט,
דאָס קלאַפּן פון האַרץ מיינס ער הערט.
— וועמען זוכט דער שלאָפנדיקער מענטש
אין דער בלוי־בלויער חלום־וועלט ?

דער שלאָפנדיקער מענטש רעדט שטילע רייד :
„...דער גרין־צעבליטער בוים — זינגט זינגט,
די גרויע בלאָנדזשענדיקע שאָף — וויינט, וויינט..."
— וועמענס חלום האָט דאָרט אויפגעשיינט ?

דער שלאָפנדיקער מענטש עפנט דאָס טויער
און גייט צום באַרג וואו ס'ליכטיקט אַ שיין — — —
דער באַרג ווערט אַ זון, די זון — אַ פאַקל,
און פון יענער זייט באַרג, ער זעט מיך — אַ שטיין.

פּאַריז, 1963

### איך חלום אַ חלום

□

פאַרן אָנדענק פון זישע באַגיש —
אַ קדוש צווישן קדושים

מיר האָט זיך היינט פּלוצים
גנחלומט אַ פעלד.
דו שטייסט דאָרט אַליין —
אין אַ ליידיקער וועלט.
נישט אַלט, נישט יונג —
פאַרשטומט, איינגעבויגן.
נישטאָ אין פעלד קיינער,
דו נאָר דאָרט איינער.

מען זעט נישט קיין וועג,
קיין הייזער נישטאָ —
און דער הימל העל־בלאָ.
ליכטיק אָן כמאַרעס
און די זון אַזוי קלאָר —
איבער אַ ליידיקער וואָר.

אַזוי שטייסט דו אַליין —
אַ בוים איינגעבויגן.

פּאַריז, 1974

אַז אָפּרו־הויז אין די בערג

□

א

וויפל האָפענונג ברענגען מיר אַהער
אָפּצוואַשן די גרויע נעפּלען,
וואָס ליגן שווער אויף אונדזערע קעפּ?

אוי ווי גרוי עס ווערט די שטאָט,
מיט וויפל רעשיקן האַרמידער
וואָס קרעכצט אַריין אין אונדז
דעם וויי צוזאַמען מיטן געשריי.

קראַנקע גייען מיר אַקעגן.
— ווער זענען די אַלע? —

דער יונגער באַבערדלטער מאַן,
פּיפּקעט, פּיפּקעט זיין פּייקע —
וויפל פאַרשטעלט דער בלויער רויך
זיינע צוקנדיקע ווייען?

— ווער איז די יונגע פרוי,
וואָס שפּאַנט אומרואיק צו דער טיר,
זי קומט שפּעטער צו מיר —
און גייט ווידער צוריק צו דער טיר.

— ווער איז דער באַבערדלטער מאַן,
די שפּאַנענדיקע פרוי,
דער אַלטער מאַן וואָס זעט נישט מער —
דעם בלוי און נישט דעם גרוי.

ב.

זיצן מיר אַלע אין ווייכע פאָטעלן,
די זאַלן — ליכטיקע גרויסע;
די פענצטער — פולע מיט זון.
די שטראַלן כישופן דאָס פלאַטערל,
וואָס שפּרינגט, טאַנצט —
און — מאָרגן שוין נישט זיין.

שווערן אויף אַלעמען
די פינצטערע בילדער —
פאַרמאָלן די הויכע גלאַטיקע ווענט.
די שפּיציקע פאָרמען, צעקרומטע,
וויינען דאַכט זיך, פאַרשעמט,
מיט רויטע, בלויע און גרינע טרערן —
וויינען דאָס געוויין פון קראַנקע,
וואָס זעען זייער פינצטערע זעאונג
באַהאַלטן אין טונקעלע שטיבער.

ג

**א שמייכלענדיק טרייסטנדיקער,**
**וואַרט אויף אַלעמען דער דאָקטאָר זשיראָ —**

נאָר זיין נאָמען, איינציק, איך קען דאָ.
זיין וואַרעם וואָרט ווערט וויין,
וואָס גיסט זיך אַריבער צו מיר,
דער פרוי ביי דער טיר,
צום מאַן וואָס באַהאַלט זיך אין רויך...

— אפשר באַהאַלט ער אין רויך זיינע זינד? —
וועט ער שפּעטער ברענגען אַ היים
אַ זינגענדיק לאַלקעלע פּאַר זיין קינד
און טראַכטן פון דער פרוי וואָס האָט געשפּאַנט
פון דער טיר צו מיר און ווידער צו דער טיר.

נאָר ער אַליין אין אַלייניקע נעכט,
וועט לאָזן פּאַרטונקלט די שיין
און באַהאַלטן אין אַ ווינקל —
זיך שפּילן מיט דעם לאַלקעלע,
וואָס ר׳האָט געברענגט פון דער פרעמד
פּאַר זיין נאָך־שטאַמלענדיק קינד,
וואָס האָט נאָכן טאַטן געבענקט.

ד

קום בעסער אַרויס פון דאַנען,
דו וואָס באַגלייטסט מיך אומעטום.
מיר וועלן גיין צו די בערג
וואָס זענען שטיל, אַזוי שטיל —
ווי דער מלאך וואָס האָט זיי באַשאַפן.
דאָרט אַהין לאָמיר ווענדן דעם בליק —
מיט לעכצונג און מיט בענטשונג.
אַרויף־צו די הימלען בלויע,
אין גאָטס באַהאַלטענע הייכן

וואו עס וועט קומען די בענקשאַפט
צוזאַמען מיט אונדזער תפילה.

ה

און ווען ס'וועט קומען די שעה פון מנחה,
מיר וועלן אַרויפגיין צום מאָן־בלאַן, דאָרטן הויך,
קלעטערן העכער, העכער, זיך טובלען אין שניי —
אין יענער שעה, עס וועט צעגיין אונדזער וויי,
ווי איצטער פונעם פויערישן הייזל,
עס צעגייט פונעם קוימען דער רויך.

דיוואָן, 1975

## שווערט אויף דיר

□

שווערט אויף דיר אַ שטיין —
כאָטש ווערג זיך מיט געוויין.
ווערסטו ווי אַ שטיין
און קוילערסט זיך אַליין —
אַ שטיין אַריבער שטיין —
און לאָזט זיך ווייטער גיין.

פּאַריז, 1974

## שטיל איז אַרום, שטיל

□

די האַנט פון פּיאַניסט איז קאַלט,
זי שפּילט נישט מער —
איר ווייסקייט צינדט אָן
דעם שוואַרצן קאַסטן,
וואָס פלאַמט אויף,
נישט מיט קלאַנג,
נאָר מיט בלויען פייער —
און שטיל איז אַרום, שטיל.

שאָפּענס נאָקטורן
זוכן דעם מייסטער —
די האַנט פון פּיאַניסט איז קאַלט.

פּאַריז, 1963

## שוין



דעם אָנדענק פון משה גראָסמאַן

אַלע רייד שוין — אויסגערעדט!
אַלע כעס׳ן — אויסגעשריגן;
אַלע לידער — אויסגעזונגען,
אַלע ראָלן — שוין געקריגן.

אַלע וואָגלען — אויסגעוואָגלט,
אַלע צערן — אויסגעצערט;
אַלע קנאה׳ס — אויסגעלאָשן,
אַלע ווילנס — אָפּגעדאַרט.

שטאַר,
ווי אַן אָפּגעהאַקטער בוים אין פעלד,
ליגסטו אין אַ פאַרשלאָסענער וועלט.

פּאַריז, 1961

## אויף פּערלאַשעז

□

די וועגן פון בית־עולם פּערלאַשעז,
זענען ליידיקע — געל־אומעטיק.

דער שטילער הויך פון מצבֿות שווייגנדע,
וויגט דיביימער — געל־אומעטיק.

דער גרויער מענטש, ביים שוואַרצן שטיין,
זאָגט זיין תּפילה — געל־אומעטיק.

— איבער וועמען וויינט דער גרויער הימל,
אין שעה וואָס איז — געל־אומעטיק?

פּאַריז, 1965

## ווער איז זי?

□

ווער איז זי,
ווען איך זע אויף מיינע גאַסן —
אַ פּרינצעסין?
אַ זונה?
איר נאַקעט לייב ברענט מיט תאווה
דעם קאַלטן שטיין פון דער גאַס,
די ווייסע מויערן, שטאַרע, פון הייזער.

ווער איז זי,
ווען איך זע אויף מיינע גאַסן?

די דורכגייער׳ס וואָס קושן איר לייב —
זיי בריען די ליפּן זיך אָפּ;
זייערע אויגן פאַלן אַראָפּ
און די צעציטערטע קני
ווי יונגע ביימלעך — אין ווינט —
געבויגן זענען פאַר דער זינד.

נאָר זי אַליין איז פול מיט קעלט —
דאָס בלוט רוישט נישט

פליסט נישט,
גלוסט נישט,
זי איז קאַלט ווי דאָס אָפּגעבליטע פעלד.

•

אין דער היים איר קינד —
איז פאַרשעמט.
איז אַליין, אַליין מיט די ווענט.
די בענקשאַפט איז איינגעראַמט
אין קינדערישן פלויט.
שרעקט זיך צו לאַכן
שרעקט זיך צו וויינען.

ס'איז אַ פינצטער־לאַנגע נאַכט.
מיט אַ שרעקיקן וואַלד פאַר זיך,
מיטביימער צעוויגט אַהין און אַהער —
דאָס קינד הערט זיך איין:
ווער קומט דאָרטן ווער?
שטרעקט די קליינע הענטלעך
דורכן פלויט פונעם בעט,
מיט געוויין און געבעט —
און רופט שטיל:
מאַ — מע!
מאַ — מע!

פאַריז, 1956

## און אפשר טאַקע

□

לידער פון אומעטיקע שעהן —
דאַרפן זיי אויך זיין דערהערט ?
אפשר טאַקע נישט — צוליב וואָס ?
אַז עמעצנס האַרץ זאָל ווערן באַשווערט ?

אפשר גאָר, ווי די וואַנט פאַרשטומען,
ביז אַ נייער אויפלייכט וועט קומען —
דאַן וועלן די שורות, ווי וועלן אָנשוואומען
און דעמאָלט זאָל ווערן דאָס ליד ערשט דערהערט.

אפשר ?

פּאַריז, 1974

צ ע ר   מ יי נ ע ר



שטעל זיך מיין צער אויף די קני.
ביסט אויסגעוואַקסן אַזוי גרויס,
כאָטש צו מעסטן דיך
מיט דעם אַלטן עוג.

אַפילו אין ליכטיקסטן אינדערפרי —
יעדן טאָג, יעדן טאָג,
נעמסט מיך אין דיין שויס —
דו פירסט מיך אַרויס —
אין ליידיקן פעלד
און טוליעסט מיך,
און לוליעסט מיך,
מיטן געוויין פון מיין מאַמע,
וואָס כ׳הער אַלץ איר כליפּן.

ווערן ווייס מיינע הענט,
ווערן ווייס מיינע ליפּן.

שרייט אין מיר און שרייט —
נאָר ווער הערט מיין געשריי,
אויסער ווייב מיינס און קינד.

ווײ און ווינד,
ווײ און ווינד.

געראַטעוועטער ברודער,
אהרן בן־אברהם —
אוישוויצער קרבן,
געשטאָלט אין די היילן פון גיהנום —
גלעט מיט דיין אויג מיך,
גלעט מיט דיין האַנט מיך.

די פּיין איז דיינע,
די פּיין איז מיינע.

מיט דיין כוח איך וויל שטעלן
דעם צער אויף די קני.

פּאַריז, 1963

עפן פערציק טויערן




א. גאָלדקאָרן

## עפן פערציק טויערן

□

אברהם סוצקעווערן — צו 65 יאָר

פאַרפאַנצער זיך, פאַרפאַנצער, גיי צוריק העט ווייט,
עפן פערציק טויערן, — פאַרזיגלטע שוין לאַנג.
גיי נאָך דעם פידל־קלאַנג, פאַרניגונט מיט דער פלייט,
וועסט הערן פלוצים ווידער אַ פאַרגעסענעם געזאַנג.

עפן פערציק טויערן — פאַרזיגלטע שוין לאַנג.

עפן פערציק טויערן און עס ליכטיקט אויף אַ שיין,
ביי טישן זיצן ווידער זעקס און דרייסיק לייט;
די כוסות בלאַנקען שטערנדיק, נאָר ליידיקע אָן ווייַן,
טרינק־זשע אויס דאָס וואָרט פון זייערע שטילע רייד.

ביי טישן זיצן ווידער זעקס און דרייסיק לייט.

תל־אביב, 1978

□

א

נאַכט, זיי גוט צו מיר,
אַזוי ווי דו ביסט
צו דער טויב און דעם פויגל.
אין מידקייט — דו גיסט זיי די רו.
אויך איך בעט ביי דיר
די רו פון אַ פויגל.

נאַכט, זיי גוט צו מיר,
אַזוי ווי דו ביסט
צו דעם בוים און די גראָזן.
אין בענקשאַפט דו גיסט זיי אַ שווייגן.
אויך איך בעט ביי דיר
דאָס שווייגן פון גראָזן.

ב

דאָס גראָז אָון דעם בוים
האָט פאַרוויגט היינט דער ווינט,
שלאָפן זיי שטילע, שאַ־שאַ.
אויך איך האָב געוואַרט,
מיט דער בענקשאַפט פון אַ קינד,
זאָלסט שטיל מיך פאַרוויגן: אַ־אַ.

נאַכט, זיי גוט צו מיר.

פּאַריז, 1956

# ליכטיק

□

דער חלום פונעם ליד
וואַנדערט אום אין דיין אויג.
דער חלום פונעם אויג
וואַנדערט אום אין דיין ליד.

פאַרן חלום פון אויג —
דער בוים שטייט געבויגן.
פאַרן חלום פון ליד —
דער מענטש שטייט געבויגן.

וויפל זילבערנע טעג
אַוועק שוין — אין צוים;
וויפל טונקעלע נעכט —
פאַרברענט שוין אין טרוים?

ביים פענצטער צעציטערט,
דער בוים בלייבט דאָרט שטיין.
פאַרוואונדערט אַ גרויער,
דער מענטש בלייבט אַליין.

נאָר ליכטיק איז דעמאָלט
אין גאָרטן, אין הויז,
ביז ס'לעשט זיך דער חלום
אין ליד ווידער אויס.

פאַריז, 1963

## ווײנט די גרינע ווערבע

□

די ווערבע בײם באַרג
ווײנט די גרינע אויגן אויס.
ווײל גרײכן צו די הײכן,
צו די װײטע רוימען,
וואו דער הימל גרענעצט הויך.

ווײל זי אַ בליק־טון איבערן וואָלקן,
וואו נישטאָ מער קײן צוימען,
נישטאָ מער קײן קײטן.

האָט די ווערבע נישט קײן פליגלען —
צו קענען אַ שוועב־טון,
אין די רוימען, העט־הויך.

האָט די ווערבע נישט קײן פיס
צו טאָפּטשען אפילו
דורך אַלע קרומע וועגן,
צו קענען קומען העט־ווײט.

ווײנט די ווערבע צופוסנס פון באַרג,
ווײנט די גרינע אויגן אויס,
הוידעט זיך איר גרינער קאָפּ,
צעפּאַטלט פון ווינט.

גרעאוקס, 1964

## כ׳האָב זיך היינט דערשראָקן

□

כ׳האָב זיך פּלוצים היינט דערשראָקן
ווי משה לייב פֿאַרן טויט.
דער איוב־דיכטער יידישער
פֿון דינער פּיין און האַרבע רייד;
דער צאָרנער, שפּעטער פֿון איסט סאַיד —
וואו ער האָט דעם גרינעם צער געזען
אויף שטיינער און אויף מענטשן.

כ׳האָב זיך פּלוצים היינט דערשראָקן
פֿאַרן בוים ביים פּלויט צעבליט.
אַ בוים מיט בלויע בלומען
און יעדעס בלימל בריט —
דערמאָנט אין בלויען רויך
דערמאָנט אין בלויען קאַמער
און דאָרט — מיין שוועסטערס יאָמער.

כ׳האָב זיך פּלוצים היינט דערשראָקן
ווי משה לייב פֿאַרן טויט.

הוד־השרון, 1973

## פון ווען שוין



פון ווען שוין, ווי לאַנג שוין עס שרעקט מיך,
די שיין און די שאַרף פון אַ חלף,
ווען כ׳האָב נאָך די קינדערשע יאָרן געציילט,
דערקענט קוים אין סידור אַן אַלף.

און געשראָקן עס האָט דער געלער שוחט
ווען ער האָט אונדזער גאַס דורכגעאיילט.

זינט דאַן, דורך וויפל וויסטענישן געפאָרן,
אויף וועגן פאַרגרויטע, פאַרגרויט אויך די יאָרן
נאָר די שרעק פאַר דער שאַרף איז נישט קלענער געוואָרן.

ווייל מעג אויסגעפוצט זיין דער חלף, ווי ניי,
אַ צייכן פון בלוט בלייבט דאָרט סיי ווי סיי.



ווער איך פלוצים געוועקט, ווען ביינאַכט כ׳בין אַליין,
ווען פון אַלע פיר ווענט דאָס ליכט איז פאַרלאָשן —
און עס בליצט פאַר מיר אויף — אַ שטראַל — אַ געוויין,
וואָס צינדט אָן די שטילקייט מיט אימה דערשראָקן.

פון ווען שוין, ווי לאַנג שוין עס שרעקט מיך,
די שיין און די שאַרף פון אַ חלף.

פאַריז, 1974

### אין מעטראָ

□

מיין שכנה אין מעטראָ, כינעזערין שיינע —
אַז שבת איז היינט, דאָס ווייסטו?
איך פֿאָר צו אַ קראַנקער, דאָס טראַכסטו?

דו מיינסט — איצטער רעגנט נאָר אין דרויסן —
אויף מיר רעגנט אויך דאָ, אין טונעל,
איבער די שמאָל־צעצויגענע שינעס,
וואו עס לויפט איצט אונדזער צוג.

ווי שיין דו ביסט פֿאַרקוקט אין די נאָטן.
דיין אויג פֿול מיט געזאַנג זינגט אויך צו מיר,
נאָר מיין פֿאַרשלאָסענע תּפֿילה זינגט נישט צו דיר.

גוט, אַזוי גוט. ביסט יונג, דיין אויג איז קלאָר
און גרין־צעשיינטע עס לייכטן דיינע וועגן.
דו מיינסט, אַז אין דרויסן נאָר איצטער איז נאַס,
ווייס — אויף מיר — אפֿילו דאָ, קאַפּעט אַ רעגן.

פֿאַריז, 1974

## אַ פּלאַם



אָ ווי גרויס עס איז דער פּלאַם
פון אַ קליין, קליין ליכטל,
וואָס פאַרשטעלט די פינצטערניש
פון אַ גרויס, גרויס פענצטער —
אָ ווי גרויס עס איז דער פּלאַם.

און אַלע טירן פון ליידיקע חדרים,
צעפּראַלטע, זענען אָפן —
נאָר איין טיר איז פאַרמאַכט.
קען קיינער נישט מערער — אַרויס,
קען קיינער נישט מערער — אַריין,
ווען אַזויפיל טירן זענען אָפן.

פּאַריז, 1973

## אַלע לייכטערס
□

אַלע לייכטערס וואָס האָסט אָנגעצונדן,
דאָס ליכט פון שבת דיין וואָך צו באַגלייטן —
אַלע ליכט זענען טריפנדיק צעגאַנגען.

די לאָמפּן בליציקע וואָס האָסט געצונדן,
די פינצטערניש פון וואָך צו פאַרשטעלן —
אַלע לאָמפּן ווערן איינציקווייז פאַרלאָשן.

איין ליכט נאָר, אין ווינקל, טוט לייכטן,
איין לאָמפּ נאָר, פאַרטונקלט, טוט שיינען —
זאָל גענוג זיין דיין טאָג אויפצושיינען.

נאָכקלאַנג

גיב די האַנט און קום אַרויס,
מיר וועלן צען שטערנס צעצינדן —
ווי ל״ג־בעומר אַמאָל אין רבינס וואַלד
און דאָרטן זאָלן די צערן פאַרשווינדן.

פּאַריז, 1976

## בײ זיבן װעגן

□

איך שטײ בײַם שײד פֿון זיבן װעגן
און װײס נישט װאוהין איך דאַרף גײן;
אַ פּוסטקײט, נישטאָ װעמען פֿרעגן,
װערט שװער די מינוט מיר — אַלײן.

די גרויע פֿאַרטונקלטע װײַטן
נישט שרעקן מײַן אויג מיט זײער שײַן,
נאָר כ'װיל נישט מײַן ריכטונג פֿאַרבײַטן —
װיל קומען צום װעג װאָס איז מײַן.

װײַל ערגעץ אויף יענער זײַט גרענעץ,
אין ליכטיק פֿאַרבאָרגענעם אָרט,
גרײט שוין, עס װאַרט מיך דאָרט עמעץ,
װאָס כ'בענק נאָך זײַן בליק און זײַן װאָרט.

מײַן גאָט פֿון די אײביקע הימלען,
כ'טו תּפֿילה און גלײב אַז דו הערסט:
גיב כּוח מײַן גאַנג — פֿון די טומלען —
מײַן טראָט נישט זײַן זאָל באַשװערט.

פּאַריז, 1963

## ווינטער־אָוונט



אַלע בלעטער האָבן ווינטן אָפּגעביסן,
אַלע שטיינער זענען ווינטיק אויסגעקעמט;
פֿון ביימער ווערן פֿידלען אָפּגעריסן —
שפּילט דער ניגון, ווי פֿון באַסן, אויף די ווענט.

נאַנסי, 1962

# אפשר וועט בליִען דער בוים

□

כ׳בין אַרויס פון מיין היים מיט יונגע באַגערן,
צו זוכן מיין חבר ער זאָל מיך דערהערן.

געגאַנגען אויף וועגן אין גרויע פאַרנאַכטן,
צו זוכן מיין חבר, בלוי־אויגיק־פאַרטראַכטן.

די וועגן, די ברוינע, אין צפון פאַרגאַנגען —
איך קען נישט מיין חבר אין ערגעץ דערלאַנגען.

ווו כ׳בין אַלץ געקומען אַ מידער צו גיין,
מיין חבר האָט פריער פאַרלאָזט שוין זיין היים.

בין איך אַוועק מיט די יונגע באַגערן,
צום בוים וואָס אין פעלד, ער זאָל מיך דערהערן.

אפשר וועט שפּעטער דער בוים זיך צעבליִען,
מיט מיינע באַגערן וואָס קענען נישט פליִען.

שטיי איך ביים בוים אַ טאָג אָפּ אַ גאַנצן,
זע ווי די פייגל האָפּסלען און טאַנצן.

טאַנצט־מיט דאָס האַרץ מיינס — וואַקסט־אויף אַ טרוים —
איך וואַרט, מיין באַגער זאָל פאַרבליען דעם בוים.

די נאַכט האָט געשווידערט, פרימאָרגן געציטערט,
איך וואַרט — נאָר עס ווערט מיר דער גומען פאַרביטערט...

דער בוים איז געבליבן פאַרטריקנט, פאַרדאַרט,
עס בליט נישט דער טרוים אויף וועלכן איך וואַרט.

גיי איך אַוועק אין פעלד מיט געוויין,
קלאַפּ מיט מיין שטעקן זיבן מאָל אין אַ שטיין.

גרוי איז דער טאָג און גרין איז דער שטיין,
ליגט אינעם פעלד און הערט זיך אַליין.

בעט איך מיין תפילה — פון אַליין — צו אַליין:
אפשר וועט בליען מיין טרוים אויפן שטיין?

פּאַריז, 1958

## עס שרעקן די בליצן

□

וויפל שטורעם, וויפל שטורעם,
אוי וויפל בייזער וואונדער. —
אַ נייער מדבר בליט ?

מיט חלף־שאַרפע בליצן
דער הימל איז צעבליצט —
און דאָס רשעות נישט פאַרהיט.

ביי אָט אַזאַ־אָ ליכט
דער נביא האָט אַמאָל
די לוחות אויסגעקריצט.

געליכטיקט האָבן ליכטער,
אַ וואונדער זיך צעהעלט —
פאַר אַ זינדיקער וועלט.

●

טאָ ווער־זשע וועט איצטער
די נייע לוחות קריצן,
ווען עס דונערט אַזוי שטאַרק
און עס שרעקן די בליצן.

פאַריז, 1974

ווינקט צו דיר



עפן אויף דאָס פענצטערל,
דאָס פענצטערל וואָס בלויט.
וו'נקט צו דיר, ווינקט,
מיט שעפטשענדיקן סוד.

מיין זיידע האָט זיך דאָרט
פאַר אַ שטערן פאַרשטעלט
און לייכט צו מיר פון ווייט —
באַלייכט מיין גרויען קאָפּ.

עפן אויף דאָס פענצטערל.

פאַריז, 1964

איזי כאַריק



איך ריר אָן מיט די ליפּן דאָס וואָרט דיינס וואָס בריט,
מיר דאַכט זיך איך זע דיך אין וואָלקן צעגליט. — —
שטרענג איז דיין פּנים — אַ מאָנער, פאַרניינער;
ביסט שטראָפער פון זיידעס שוין אַלטע אָן ציינער,
און האַרב איז דער שפּאָט, דיין משפּט: פאַרגייט, —
ווען באַלד ביסט געוואָרן פאַרוויקלט, פאַרדרייט
אין סתירה פון וואָרט, מיטן סם פון דער צייט.

איך ריר אָן מיט די ליפּן דאָס וואָרט דיינס וואָס בריט,
מיר דאַכט זיך איך זע דיך אין וואָלקן צעגליט. — —
אַזאַ ווי ס'האָט לייוויק — געצייכנט — דערציילט,
נאָר איצטער דו ביסט מיט אַ וואונד, נישט פאַרהיילט,
דערשראָקן דאָס אויג, ווי פון וועלף אַ געיאָגטער,
געבויגן אין צאָרן, פון בייטש אַ געפּלאָגטער —
און ברענגסט צו מיין טיש דאָס וואָרט נישט דערזאָגטע.

איך ריר אָן מיט די ליפּן דאָס וואָרט דיינס וואָס בריט,
מיר דאַכט זיך איך זע דיך אין וואָלקן צעגליט.
בעל־חלום דו יונגער אויף צעשויבערטער גאַס
וואו דו זינגסט פון ליבשאַפט, אַ צווייטער פון האַס,
ווערגט איינער זיין וואָרט, שטיקט דער צווייטער זיין ליד —
אוןביידע איר האָט נישט אייער לעבן פאַרהיט,
ווייל אַ דריטער דערווייל האָט געברענט אייערע טריט.

איך ריר אָן מיט די ליפּן דאָס וואָרט דיינס וואָס בריט,
מיר דאַכט זיך איך זע דיך אין וואָלקן צעגליט. — —
„אין לופטיקע הימלען, צעוויקלטע קלאָרע",
אָדער ערגעץ באַהאַלטן אין אַ חיהשער נאָרע —
אין לידער צעצאַפּלט, מיט אומרו־געוויטער
וואָס כ'וויל אַז פאַר זיי זאָל זיין נאָך אַ שניטער,
אַ זינגער, אַ יורש, מיט אומרו צעגליטער — —

איך ריר אָן מיט די ליפּן דאָס וואָרט דיינס וואָס בריט,
מיר דאַכט זיך איך זע דיך אין וואָלקן צעגליט.

פּאַריז, 1971

## א שבת בײַם ים

□

אברהם גאָלאָמבן — צו זײַנע אַכציק יאָר

דער ים אין דאָוויל,
וואַשט דעם גרויען ברעג —
לכבוד שבת.

דער ים אין דאָוויל,
שוימט זײַנע כוואַליעס —
לכבוד שבת.

●

אַלע וואָס האָבן זייער טאָג דאָ געטובלט,
געלאָזט דאָס געלעכטער אויפן שפיגל פון ים —
זענען אַוועק מיט זון אויף די לײַבער.
געקומען צו געדונגענע היימען,
פאַרריגלט די טירערן,
פאַרשלאָסן די טירן.

נאָר איינער איז געבליבן בײַם ימישן ברעג,
געקוקט אין דער ווײַט,
וואו ס'זענען די מעוועס אַוועק —
געבליבן דאָ איינער אין בענקשאַפט פאַרפרוירן.

•

אין דער ווײַט צינדן זיך ליכטיקע מנורות.
דאָס אַלייניקע בלוי־לעמפּל אין מיטן פון ים,
רופט צו אַלע ברעגן:
קומט אויף מיינע וועגן —
ס׳איז שוין שפּעטע שעה,
ס׳איז שוין שפּעטע שעה.

קומען שיפלעך אַהיים —
צו מנוחהדיקער רו.

דער איינזאַמער, ווי אַ פעלדז,ביים ברעג
בלייבט אַליין —
די מלכה שבת קומט צו גיין.

•

פון ים טויכט עמעץ אַרויס,
געהילט אין אַ טלית.
לכה דודי, לכה דודי,
זינגען די כוואַליעס

דער איינזאַמער ביים ים
טרינקט די בלויע שיין —
לכה דודי, לכה דודי —
די מלכה שבת קומט צו גיין.

•

אין אַ שטוב האָט אַ פרעמדער זיין קידוש געזונגען,
האָט אַ יידישע טאָכטער געענטפערט: אמן.
— ווי לאַנג שוין, שוועסטער, אַז האָסט דעם ניגון פאַרלוירן,
ווי לאַנג נישט געטרונקען פונעם קידוש־ווין?

אין דער שטוב איז די שמחה געשטיגן, געשטיגן.
— פאַרוואָס ביסטו שוועסטער גאָר פלוצים אַנטשוויגן ? —
ווען, וועמען אין טרוים טוסט פאַרוויגן,
וועמען, וועמען ווילסט אין טרוים איצט באַזיגן ?

●

דער בלויער ים
באַהאַלט זיך אין דער פינצטער,
נאָר דאָס אַלייניקע בלוי־לעמפעלע
כישופט אַלע וועגן.

אין דער נאָרמאַנדישער שטאָט,
לאָמיר דאָס צווייפלען אָפּפרעגן
צו ווערן באַנייט,
ווי די שטערן אין פענצטער.

●

איבער שפּיציקע דעכער פון פּריצישע שאַטאָס
קרייזן דעם מאָדזשיצערס זמירות,
וואָס קלאַפּן אָן אין פרעמדע דירות.

די שטילע גאַס הערט זיך איין,
פינצטערער ים הערט זיך איין —
נאָר דער איינזאַמער ביים ים זינגט מיט.

לאָמיר הערן דאָס געזאַנג
און אַריבערזינגען דעם ניגון
צו אַלע אָרעמע — אַחינו בני ישראל —
פאַרוואַגלטע אין רוישיקער קאַסינאָ :
— גייט נאָך אונדזער געזאַנג

אין שבתדיקער שעה,
צו שבתדיקער רו.

די נאַכט איז אַוועק
פרימאָרגן געקומען,
דער פרעמדער ביים ים —
איז פאַרזעסן אין שטומען.

●

פרי־פרי איז מיין שכן אַרויס אויף דער בריק,
איינער אַליין.
ער גייט איצט צוריק,
ווי אַמאָל — אין דער סלאָנימער היים —
זיך מתיחד־זיין מיט גאָטס שטילער תפילהדיקייט
פונעם גרויסן באַשאַף — די רחבותדיקייט.

מיין פאַרוואונדערטער בליק
גייט נאָך זיינע טריט.

●

— גוט־שבת דעם ים.
— גוט־שבת דעם ברעג.
— גוט־שבת דעם איינזאַמען מענטש.

דאָוויל, 1961

## אַ תפילה צו פיפציק יאָר

□

א

פריידיקע מינוטן,
קרישטאָל־טראָפּנס
אין פּאַרטונקלטע טעג —
ציטערן אויף מיינע נע־ונדן.

פריידיקע מינוטן,
העלע פלאַמען
אונטער בלויע אַבאַזשורן —
ליכטיקן מיר אַקעגן.

פריידיקע מינוטן,
דורך אויפגעשטעלטע פלויטן —
וואַרעמען מיינע בלוטן.

ב

אין אַן אָרעמער כאַטע, וואו די זון איז אויסגערונען,
וואו דער זייגער האָט דעם הונגער אויסגעטאַקט —
האָב איך אויך אַ מאָל, אַ מאָלצייט באַקומען.

אויף אַן איינזאַמען וועג, מיט גראָזן פאַרשפּינען,
וואו ביימער פאַרשעמטע, האָבן געדאַרט און געקוואַרט —
האָב איך אויך אַ מאָל אַ חבר געפונען.

ג

אומעטום ביסטו געווען מיט מיר, גאָט,
פון לעצטן פאַלן מיך אָפּגעהיטן.
איצט האָב איך מיט מידן טראָט
אַ פרעמדע גרענעץ איבערשריטן.

בלייב איך פלוצים שטיין,
אומבאַהאָלפן און קליין,
ווי דאָס דערשראָקענע קינד
וואָס געפינט נישט מער דאָס אָרט,
מיט אומרו — אינעם וואָרט,
מיט שרעק אין יעדן שפּאַן,
ווי כ׳וואָלט פלוצים געוואָרן בלינד.

ד

אין דעם פּאַרנאַכטיקן גרוי,
ווען יעדער פויער זאַמלט איין אַלץ אין שייער
און יעדע מאַמע אַ היים רופט איר קינד —
איך קום מיט מיין תפילה צו דיר:

— האַר מיינער, האַר,
גיב ליכט מיינע טעג,
גיב רו מיינע נעכט;
האַלט קלאָר מיין געדאַנק
און שענק מיר דיין געשאַנק:
פריידיקע מינוטן.

פּאַריז, 1960

## מיין מאַמעס געוויין

□

אויפן סמיטשיק פון פידלער —
אין שוואַרצן —
קומט אַרויס
מיין מאַמעס געוויין.
איר קרעכץ,
איר שטומער ווי.

זע איך איר לויפן,
איבער חרובע גאַסן,
איבער בראַנדיקע פעלדער,
וועלדער וואָס ברענען —
ביימער פאַלן —
און איך הער
מיין מאַמעס געוויין.

לאָדזש, 1947

### אַ תפילה צום מענטש

□

מיין קוזין אייב געלבאַרט, וועלכער
האָט געהאָלפן צו די רוים־פליען

נידער נישט אַראָפּ צו אונדז די הימלען,
גאָט בלייבט שטענדיק אין זיין קעניגרייך פאַרשטעלט.
וואָס העכער דו וועסט קומען, פאַרנעמען די פּלאַנעטן,
גרייכן וועסט אַ גרענעץ נאָר צו גאָטס אַ נייער וועלט.

נידער נישט אַראָפּ צו אונדז די הימלען.

פּאַריז, 1964

# בעט דער מאַן

☐

פאַר שמעון האַלקין

בעט דער מאַן פון די וואונדער מעשות:
— גאָט, דערהער מיין פאַרנאַכטיק געבעט,
עס קומט אַ פינצטערע נאַכט — דיין באַשאַף —
זאָל אָפּגעווישט ווערן די בייזקייט פון טאַט.
מענטשן זענען פאַרשלאָסן אויף ריגלען
אַנדערע שלייכן זיך איבער ליידיקער גאַס —
היט זייער טראָט צו קומען אַ היים.

בעט דער מאַן פון די וואונדער־מעשות
דער וואָס תפילה'ט פאַרן מינדסטן באַשאַף —
פאַרן וואָרעם אין ראָוו,
פאַרן גרעזל אין וואַלד
פאַר דער חיה אין נאָרע —
און פאַרן מענטש אין דער פרעמד
ווען ס'איז אומעטיק קאַלט.

— גאָט, דערהער מיין צער אין געבעט,
וויש אָפּ פון דער נאַכט
די בייזקייט פון טאַט.
דער טאָג וואָס האָט זון
מאַכט ליכטיק די וועגן.
ברענג דאָס ליכט פון דער נאַכט
צו פאַרהוילענע שטעגן.

פאַריז, 1974

## מיין וואָרט

□

כ׳וואָלט וועלן דערהייבן מיין וואָרט
עס זאָל קענען זיין —
אַ לאָגל מיט וויין.

עס זענען דאָ אַזויפיל מידע —
זענען דאָ אַזויפיל דורשטיקע.

ווער קומען וועט אַמאָל צו גיין,
פאַרמאַטערט פון בייטאָגיקער שיין —
זאָל ער געפינען אַ שאָטן,
זאָל ער געפינען זיין רו.

זאָל ער קאָנען שטילן זיין פיין
און אויסדורשטיקן זיין דורשט,
מיט אַ לאָגל וויין —
מיין וואָרט.

ווארשע, 1939

## צו די הייכן



מיין היינטיקער טאָג איז אין תפילה פאַר דיר,
צעצאַפּלט די שעהן אין אומרו פון מורא.
אויף שטויבן פון תהו ובהו דו שפּאַנסט —
צעוויקלסט אין וואָר דעם בראשית פון בורא.

מיין היינטיקער טאָג איז אין תפילה פאַר דיר,
כאָטש כ׳ווייס אַז משיח איז אַלץ נישט געקומען.
נאָר ווער סהאָט דעם וואונדער אין וואונדער געזען —
דעם וואונדער פון גאָט ער האָט אויך באַנומען.

דער היינטיקער טאָג איז אין תפילה צו דיר —
אַריבער די גרענעצן וואָרע מיר שפּאַנען.
אין שטויביקע הייכן אויף אור־ווייטע וועגן —
געפין מיר אַ שטויב פון מיין ליכטיקער מאַמען.

ברינוא, 1971

## דער שטיינערנער הירש



דער שטיינערנער הירש אַ גרייטער צוט פּלי,
וואַרט ביז די נאַכט וועט זיך צעליכטיקן
מיט שטראַליק זילבערנע שטערן —
דער שטיינערנער הירש.

דער שטיינערנער הירש מיט גרוי־שטאַרע אויגן
דו האָסט נאָך געזען אים אַ לעבעדיק יונגן —
אינעם שפּרונג און טאַנץ אין די ווייטן —
דער שטיינערנער הירש.

דער שטיינערנער הירש האָט געברענגט פון די וועלדער
דאָס רוישן און לוישן פון ביימער אין וואַקסן —
ביז אַלץ ווערט פאַרניינט און פאַרשטיינט,
ווי דער שטיינערנער הירש.

ברינוא, 1962

טויבן

□

מיין רבקה׳ס טאַטע־מאַמע, אין אָנדענק

1. אויפקלאַנג

א

ווען טויבן קומען צום פענצטער,
ברענגען זיי בשורות פון גליק —
אַזוי האָט אַמאָל אין ווייטן צוריק,
מיין אָרעמע מאַמע געמיינט.

ב

די גרויע היימישע פענצטער
האָבן גאָלדענע שטראַלן געזאַמלט —
צו וואַרעמען דעם גרינעם זוים,
פון מיין מאַמעס ליכטיקן טרוים.

ג

וויפל האַוועניש — אין גאַרעניש,
וויפל מאַטערניש — אין האַרעניש,
האָט צעזאָטן איר בענקענדיק בלוט —
אויף יענער גליקלעכער מינוט.

ד

זענען טעג מיט תפילות פֿאַרגאַנגען —
ביז אַ טויב פֿון איר חלום געפֿאַנגען,
האָט געקלאַפּט מיטן שנאָבל אין שויב.
— רבונו של עולם, אַ דאַנק דיר און לויב.

2. נאָכקלאַנג

א

אַנטקעגן מיין פענצטער די זון איצטער שיינט,
נאָר די שכנה דאָרט האָט זיך טרויעריק צעוויינט.
— נישטאָ היינט קיינער וואָס וואַרט אויף דער טויב
און פאַר טויבישן וואָרקען — אַלע זענען טויב.

ב

קוק איך אַריבער צו דעם הויז אין דער ווייט,
וו ס'פענצטער גרויע האָט מיין מאַמען באַגלייט...
דאָרט איז דאָס בענקען געוואָרן דערוואָרגן,
ווי דער בלויער חלום פון מיין מאַמעס פרימאָרגן.

פאריז, 1964

## סאַטן־דע־לאָן



פאַר מיין ברודער גדליה

### א

פון ניס ביז ליאָן די זון שיינט אַלץ ליכטיק,
גאַפן צום הימל צעשמייכלט די פעלדער,
מיט טייכלעך בלוי־קלאָר — אויסגעוואַשענע אויגן.
פאַרביי ציען טעג, ווי שעפסן גאָלדענע, געבויגן,
וואָס לאָזן אויף בריקן אַ גאָלדענעם שטויב —
פון געדעכענישן ווייט, מיט רום און לויב.

איז ליב מיר און שווער איצט, ווען איך שטיי פאַר ליאָן,
וואו הייזער און פלעצער צעליכטיקטע שיינען.
די שטאָט איז שוין אַלט, פון דורות שם׳ט לאַנג — —
נאָר טיף אין זכרון קומט שטיל אויף מיט קלאַנג,
אַן אָפּהילך אַ ווייטער — גרוי שוין און בלאַס,
וואָס ברענגט מיך צוריק צו מיין חרובער גאַס — — —

צעבליט כ׳זע אַ וואַלד אויף אַ שויב פון מיין היים —
שמאַיען מיינע מומעס, ס׳ווערט אַ חתונה געגרייט.
צווישן אַלע שעפטענישן און יום־טובדיקע רייד,
וועגן שטראַלנדיקע סאַמעטן, בלוי און ראָזע זייד —
גאָלד־געליישטע ווערטער, פרעמד פאַר מיין פאַרשטאַנד,
געהערט איך האָב אַ גאָלדן וואָרט : — סאַטן־דע־לאָן — — —

ב

פון מקובל: משה די ליאָן, גראָד היינט געלייענט,
אַז ערגעץ דאָ אין היילן דעם זוהר ער האָט דערקענט — —
שווערט אויף מיר דער אומעט, ס'ווערט ביטער זיין באַטייט —
דער צער פון מיינע נעכטנס, צעפלאַמט זיך און צעבלויט —
פאַר מומעס פרי־פאַרשניטענע — דעם צעשטערטן טראָן,
וואָס דורך זיי בלייבט נאָענט די שטאָט, פון — סאַטן־דע־לאָן.

שפּיגלט זיך דער האַרבסט־טאָג אין אַלע שויבן־פענצטער,
די פעלדער ברוינע, ליכטיקע; דער טייך און אויך דער ברעג.
פון יענער זייט שטאָט נאָר — אַריבער גרויער בריק,
איך זע מיין טאַטנס בוידעם — אין ווינקל אויף אַ שטריק,
פאַרשפּינט פון טויטע שפּינען, הענגט אויף גרויע שטויבן
דאָס חופּה־קלייד מיין מומעס פון סאַטן־דע־לאָן.

•

פון ניס ביז ליאָן די זון שיינט אַלץ ליכטיק,
גאַפן צום הימל צעשמייכלט די פעלדער,
מיט טייכלעך בלוי־קלאָר — אויסגעוואַשענע אויגן.
פאַרביי ציען טעג, ווי שעפסן גאָלדענע, געבויגן,
וואָס לאָזן אויף בריקן אַ גאָלדענעם שטויב —
פון געדעכענישן ווייט, מיט רום און מיט לויב.

ליאָן, 1966

## געזאַנג אויף מײַן טיר

□

מײַן רבֿקה׳ן — מיט ליבשאַפט

איך באַגריס מיך הײַנט אַליין,
צו פֿולע זעכציק יאָר.
אַ שלעפּ־געטון די וואָר,
להכעיס זיך אַליין.

עס זאָגט זיך נאָר אַזוי:
כ׳האָב תּפֿילהדיק געוואַרט,
דעם הונגער אָפּט גענאַרט —
מיט אַ לעקעכל פֿון שטרוי.

נישט יעדער וועט פֿאַרשטיין —
אַ לעקעכל פֿון שטרוי?
געווען איז דאָך אַזוי
אין נע־ונדער היים.

געווען איז אַלצדינג הויל,
דער טאָג און אויך די נאַכט;
אָפּט האָט זיך געדאַכט —
ס׳בלײַבט אײביק שוין די גרויל.

צעשטערט עס איז די היים,
אַ ליידיקייט — בלויז שטיין —

און חורבה וויינט אַליין,
ווען ס׳וויינט די גרוב פון ליים.

נאָר גרוי איז מיין דערמאָן: —
מיין ברודער קומט פון ד אָ ר ט,
דאָס בראַנד־צעברענטע אָרט,
וואו מיסט געווען איז — מ ן.

אַזוי איז דאָס געשען —
און וועלט האָט נישט געהערט;
און ס׳האַרץ, ביז היינט, פאַרשווערט,
בלייבט דעם, וואָס דאָרט געווען.

פרעג איך זיך אַליין:
— וואָס יום־טובסטו, דו נאַר?
נאָר ווי טוט מען אַ פאַרשפאַר
דעם טאָג מיט העלער שיין.

אָט הערט זיך אַ געזאַנג,
וואָס פאַלט איצט אויף דער טיר —
דאָס גייט מיין קינד צו מיר
אין יום-טובדיקן גאַנג.

פאַריז, 1970

צו רבקה׳ן

□

זע, די זון פאַרגייט,
לכבוד דיר —
שענער ווי אַלע מאָל.

די רויטקייט פון מערב
נעמט אַרום אונדזער בוים,
מיט מעש און מיט גאָלד.

העלע שאָטנס טאַנצן
אַרום דיר אין אַ קרייז.
זע ווי שיין די זון פאַרגייט —
נאָר דו אַליין ביסט אומעטיק.

דיין צער לאָזט נישט אַריין
דאָס ליכט פון דער זון.
דאָס בלוי פונעם טאָג
וואָס בלייבט פאַרנאַכט
אין יעדערנס בליק.

זע, די זון פאַרגייט,
לכבוד דיר —
שענער ווי אַלע מאָל.

רינגעלבלום־היים, 1952

# כ׳וועל אַ שריי־טון

□

כ׳וועל אַ שריי־טון אין פאַרנאַכט אַריין,
אַ ווילד באַפרייט געשריי,
צעהילכן זאָל דער וואַלד זיך
און יעדער בוים באַזונדער.
פון גרויען פעלדז וואו כ׳שטיי,
אַריבער אַלע ברעגעס —
צום בוים פון העלסטער ליכט,
צום בוים פון אַלע וואונדער.

כ׳וועל אַ רעווע־טון פון וואַלד אַרויס
זיך שפּאַלטן זאָלן בערג;
דער וויי מיין טאַטעס, מאַמעס,
דורך מיר זאָל זיין דערהערט.
אפשר כ׳וועל דערקענען דאַן,
אין שפּאַלטן פון די ווענט
מיין זיידעס ווייטן שטאַם,
זיין כוח וואָס ליגט צעשטערט.

גרעאוקס, 1966

## ס׳האָט אַ דיכטער געוויינט

□

אורי צבי גרינבערג, אין פּאַרערונג

וואו וועלן אויפבליען די פּאַרצאָרנטע רייד
אין פּאַרנאַכטיקער שעה, ווען ס׳האָט אַ דיכטער געוויינט,
אין שלוכצן דערשטיקטע — מיט שטראַליקע טרערן —
נאָר קיינער אַרום אונדז, דאָס געוויין זאָל דערהערן.

אין צער ווערט פּאַרגאָסן די בלוי־גרויע שעה,
מיט שטראָמען צעברויזטע, אַ טייך אויפגעזאָטן —
אין כוואַליעס צעשוימטע פון בראַנדיקע רייד —
ווערט אויף ציטריקע הענט, דער טאָג אויסגעלאָשן.

●

ברודער, מיין ברודער, וואו אַהין איז דער גאַנג,
ווען ענג ווי אַ תפיסה ווערן דיינע היימישע ווענט —
ווי געוואָרן עס זענען יענע טויבן פּאַרקלעמט,
ווען געקראכט האָט דער הימל, אונדזער שטאָט — געברענט.

גיי איך מיט דיר איצט אויף פאַרזשאַווערטע וועגן,
וואו מיט פייער, ערשט נעכטן האָט דער מולך געשפּאַנט;
דיין בכור אויפגעשווידערט דו פירסט ביי דער האַנט —
צום טאַטנס קעלער וואו ס'בריט די מורא ביז היינט.

פירסטו אַוועק אונדז אויף פעלדער פאַרברענטע,
צו אַ געשטאָרבענע שטאָט — אָן ציגל און ליים.
דיין בכור שפּאַנט דער ערשטער מיט גבורה פאַרשעמטער —
צו הערן דאָס קול פון דיין חרובער היים — — —

•

פאַרנאַכט, בין־השמשות — האָסט פאַרלאָשן די שיין —
אַ פינצטערניש שווערט פון די פינצטערע ווענט;
איך שטיי נעבן דיר אין דיין ווייַ איינגעקלעמט,
ווען עס בליט אויף מיין ליפּ — דיין צער אין געוויין.

תל־אביב, 1975

## פאַרן טויער פון צענטראַל־פּאַרק

□

דעם ליכטיקן אָנדענק
פון אַדעלאַ אָפּאַטאָשו

וויפל זוניק און שנייאיקע טעג
כ'בין געוועזן אין דיין שטאָט,
נאָר אין צענטראַל־פּאַרק —
איין טראָט נישט געטראָטן.

קיין איין מאָל נישט געהאַט
אָט די פּשוטע פרייד —
פון אָנרירן אַ בוים,
פון זיצן אויף אַ באַנק
און גיין אַזוי און גיין —
פון וועג, צום שמאָלן שטעג.

אין אָט דעם שיינעם פּאַרק —
אפשר וואַקסן דאָרט בלומען?
אפשר איז דאָרט אַ טייכל פאַראַן?
אפשר זענען פאַרביקע פייגל פאַראַן,
וואָס האָפּסלען, האָפּסלען אין טאַנץ?

אַמאָל איז דאָ מיין פעטער געגאַנגען
איינגעהערט אין די שטילע קלאַנגען
פון די זיד־וויגנדיקעביימער,
וואָס ער האָט פאַר מיר און פאַר דיר
אין לייכטנדיקע ניגונים געברענגט.

אַזויפֿיל שיינע לידער האָט מען דאָרט געזונגען,
אַזויפֿיל שיינע ליבעס האָט מען דאָרט געפֿירט.
אַלע נעכט, ווי די טעג, זענען יונגע געווען. —
אַזוי האָט אַ פֿאַרבענקטע פּאָעטין דערציילט.

נאָר פֿאַר מיר איז געבליבן, ווי אַ שטיין אין וועג, —
די טרויעריקע בשורה ביים אַריינקום אין שטאָט:
— נעכטן האָט מען דאָ צוויי הרוגים געפֿונען.

גיי איך פֿאַרביי דעם צענטראַל־פּאַרק מיט מורא,
און דורכן פּלויט, וואָס איז אַ גרענעץ פֿאַר מיר —
איך הער דאָס סודיקע לוישן.
דאָס קרעכצן און רוישן
פֿון ביימער אַלט־צעוואַקסענע.

די גרינע קרוינען וויגן זיך, וויגן זיך
און זיי קאָנען די טרויעריקע בשורה,
ביים אַריינקום אין דיין שטאָט —
נישט פֿאַרוויגן.

ניו־יאָרק, 1969

עס קען אַ שפּרונג־טון

□

איך האָב מורא,
כ'האָב קינדעריש מורא.
פון דעם שפּיציקן ראָג
אויף מיין טונקעלער גאַס,
עס קען אַ שפּרונג־טון אַהער,
אין אַ פינצטערער נאַכט —
אַ ווייסער בער,
אַ גרויער וואָלף.

זיי וועלן שאַרפן זייערע ציין
אין דער עלעקטרישער שיין.

●

ניין, ניין,
נישט פון דער ווילדעניש,
וואו איך בין געווען,
אינעם ווייס־פּאַרשנייטן —
ווייט־ווייטן קאָמי־לאַנד.

אויף יענער ערד איז קאַלט,
די ליימיקע ערד — קאַלט.
פון קדמונים, העט־ווייט —
איינגעפרעסט אין קעלט
איז די אָרעמע קאָמי־וועלט.

נאָר דאָס ליכט פונעם צפון־שטערן
האָט דאָרט מילך־ווייס געשיינט.
אַזוי שפּיזיק געשטראַלט,
געגלאַנצט איבער קרוינען
פונעם ווילדן וואַלד —
און געטרייסט, געטרייסט,
מיט אַ ליכטיקער וועלט —
ערגעץ־וואו, ערגעץ־ווייט.

היינט כ׳האָב מורא
אויף מיין פּאַרטונקלטער גאַס —
פאַר דער שיין
פון וועלפישע ציין.

פּאַריז, 1968

## אין אַ קליינער שטוב

□

האָסט מיך אַריינגעפירט אין אַ קליינער שטוב
פאַרוואָרפן אין אַ פינצטערן ווינקל —
וואו דער געשריי איז העכער ווי דו.

— וועמען, וועמען זוכסטו?
ווער וועט ענטפערן? —
דאָ איז קיינער נישטאָ.

— פון וואַנען קומט דער געשריי? —
אפשר פון דיר?
אפשר פון מיר?
אפשר גאָר פון דעם,
וואָס איז פון יענער זייט טיר?

לאָמיר אַרויסגיין פון דאַנען,
דאָ איז קיינער נישטאָ.
עמעצנס לעצט געשריי נאָר לעבט
און וועט לעבן אומעטום —
וואוהין מיר וועלן גיין.

תל־אביב, 1976

## ווער עס גייט אַוועק

□

ווער עס גייט אַוועק פרייטיק — אויף אייביק
דער צער פון זיין נאָענטסטן בריט שאַרפער דעם ווייטיק.

ווערט דער טאָג, ווי אַן עפּל צעשניטן —
פון וואָך און פון שבת וואָס ווערן פאַרביטן.

נאָר פאַר מיר איז מאָנטיק, מיטוואָך און פרייטיק —
דער אייגענער צער, דער אייגענער ווייטיק.

יעדער טאָג אַ דערמאָנונג נאָך מיין טאַטן, דער מאַמען,
וואָסביידע זיך זוכן — צו זיין ווידער צוזאַמען.

פּאַריז, 1969

## שטייט אַ מענטש אין פענצטער

□

אַ רעגנבויגן איז אויסגעשפּרייט
פאַר אַן אויפגעפּראַלטן פענצטער —
מיניענדיק שטראַליקער וואונדער,
זונען־טאַנץ אויף גרינער בייט.

שטייט אַ מענטש אין פענצטער־ראַם
און זוכט אַ ליכטיקן צייכן,
פאַרן וואונטש זיין באַגערטן —
ווי אַ סימן באַשערטן:
אפשר שפּיגלט זיך דאָרט זיין געמיט?

בענטשט דער מענטש דעם רעגנבויגן —
אַן ערשטער סימן נאָכן מבול,
וואָס האָט דעם הימל פאַרצויגן —
און דער פאַרביקער שפּיגל איז איצטער
פאַר זיין אָפענעם פענצטער פאַרשפּרייט.

ראַמבויע, 1974

## זוך יענעם וואָס האָט היינט געטרוימט



ז. שרעטער

## מיין זיידנס ברכה

□

כ׳האָב מיין זיידנס ברכה
אומעטום צעטראָגן:
צום הויקער אויף מיין גאַס
צום בלינדן אין דער כאַטע;
צום שפּילער אויפן באַס,
צום טענצער אין דער בלאָטע;
צום באָרוועסן — אין הונגער,
צום הייזעריקן זינגער.

כ׳האָב אומעטום געטראָגן
מיין זיידנס שטילע ברכה —
דורך וויסטער קעלט פון צפון,
דורך הייסן וועג פון דרום.
דאָרט אומעטום געלאָזט
אַ צייכן פון מיין טראָט
און אומעטום געלאָזט
מיין זיידעס ליכטיק וואָרט.

פּאַריז, 1975

וואו ס׳וועלן זיך קולות דערהערן,
מיט שטילקייטן גיי דאָרט אַקעגן.
אויב קענסטו מיין עצה נישט הערן,
וועסט בלאָנדזשען אויף דערניקע וועגן.

דאָס וואָרט פון אַ כעסן איז פייער
וואָס פלאַמט־אויף די אייגענע ווענט ;
אויב שיינקייט איז ליב דיר און טייער,
ווער מיט דער שיינקייט דערקענט.

אַ חלום צעבלויט דיינע שויבן,
די בלויקייט אַ וואָלקן פון שטויב ;
דער וואָלקן געבוירט דיינע טויבן,
וואָס קלאַפּן טרעוואָגע אין שויב.

דער חלום איז דיינער און מיינער,
די בלויקייט דאָס ביסטו אַליין ;
שלעכט איז ווען דו און נישט קיינער
ווען דעם חלום פאַרשטיין.

דער חלום אַ מלאך אַ ווייטער,
וואָס קומט נאָר אין טונקעלע נעכט
און ברענגט דיר אַ גרוס פונעם רייטער,
וואָס שלאָגט זיך פאַר דיר אין געפעכט —

איוף וועגן וואו ס'האָבן שוין ריטער
געפאָכטן — פאַר רום און פאַר לויב
און האָבן צעפינקלטע גיטער
פאַרוואַנדלט אין אַש און אין שטויב.

דיין רייטער מיט שטורעם אין קריגן —
ער קומט צו צעבראָכענע שוועלן
וואו ס'האָט דער בעל־שם־טוב געשטיגן —
פאַר מענטשן גאָטס וואָרט צו באַפעלן.

פון צעבראָכענע שוועלן — צען ליכטער —
ער צינדט אָן דעם הימל מיט שטערן,
פאַר יענע וואָס בלאָנדזשען נאָך ניכטער
און קענען גאָטס וואָרט נישט דערהערן.

אַ טאָג הייגט אַ גרויער און נאַסער,
ווי ס'אויג פון אַ מענטשן אַ בלינדן;
גיי בעטן אַן עמער מיט וואַסער
צו וואַשן דיין רייטער פון וואונדן.

צעריסענע קולות פאַרשרייען
דעם חלום אין אומרו צעשוימט.
אויב ווילסטו זיך ווידער באַנייען,
זוך יענעם, וואָס האָט היינט געטרוימט.

פאַריז, 1971

# פאַרנאַכט

□

דער פאַרנאַכט עפנט־אויף
זיין גאָלדענע שאָל
און נעמט אַריין די זון —
ווי אַמאָל, ווי אַמאָל:

— — איך לויף מיט חברים
צעשטיפט אינעם פעלד,
ס׳איז העל אונדזער טאָג
און גרויס אונדזער וועלט.

די שטילקייט בליט־אויף
אין אַ זילבערנער שאָל,
אין גרין־גרינעם טאָל —
ווי אַמאָל, ווי אַמאָל:

— — און ווי ליכט אין דער נאַכט,
דער מאַמעשער רוף,
ברענגט צוריק אונדז אַהיים
צו אַ וואַרעמער שטוב.

נאָר דער איינזאַמער זעט,
נאָר דער איינזאַמער פילט,
ווי די זון איז פאַרקילט,
ווי די שטילקייט בריט.

ווייל דאָס אָרעמע יינגל
וואָס איז דאָ און נישטאָ,
ער לעבט נאָר אין טאָג
וואָס געווען איז אַמאָל.

אַן אָטעם בלויז,
אַ שאָטן בלויז —
אַ הוילע שאָל
אין גרינעם טאָל.

●

כ׳האָב איצט דערהערט
מיין מאַמעס קול.

פאַריז, 1964

## געשעט אַמאָל

□

געשעט אַמאָל אַזוי, געשעט,
עס ווערגט דיך אין די נעכט
דאָס וואָרט וואָס האָסט נישט גערעדט.
פֿאַרשוויגן בלייבט אין דיר דאָס קול,
ווען מחשבות ברענען
און מעגסט אפילו וויסן,
אַז וועסט קיינמאָל מער נישט קענען
אויפֿברעכן די האַרטע שאָל,
מיט וועלכער גאָט האָט איין מאָל
פֿאַרשלאָסן אַלדאָס טראַכטן —
בלייבסטו מיט דער נאַכט,
איינינקער אַליין —
פֿאַרשלאָסן אין אַ סוד.

שווערט אויף דיר, שווערט,
דאָס וואָרט וואָס האָסט נישט גערעדט.

פּאַריז, 1977

**איך וויל**

□

ווער ס'וויל דעם אויפברויז, בליץ און שטורעם,
איך וויל דאָס ליכט פון אַ בלויען פאַרנאַכט ;
אַ רויטע די זון, אין פאַרבן פאַרגאַנגען,
ווען מיד זיצט דער פויער צום הימל פאַרטראַכט.

פאַריז, 1970

## אין וואַלד



די בלינדע ביימער שווייגן אויס זייער מוזיק,
וועט קומען די נאַכט און עפענען זייער שווייגן.
מיר וועלן אַריבערשפּאַנען די בריק —
שטילער אָוונט,
שטילע נאַכט.

דער לעצטער טראָפּן ליכט וועט אויסגיין
אין צונויפקוש פון גרוי מיט בלוי,
וואָס פאַלט אַ שיכט אויף אַ שיכט.
שטילער אָוונט,
שטילע נאַכט.

באַלד וועט קומען אַ שליח אין ווייסן,
וועט עפענען דאָס האַרץ פון יעדן בוים
און לאָזן פריי דאָס געזאַנג,
וואָס שווערט, וואָס יערט,
וואַקסט אַריבער יעדן בוים.
שטילער אָוונט,
שטילע נאַכט.

דער אומעט וועט אויפפלאַקערן,
גליען, אויסגליען אַ קרייז;
ציען, פאַרציען אין קרייז —
אַלע ליידנדיקע אויף שטומער בענקשאַפט.

דער איינזאַמער וואָס שלייכט זיך ביים ראַנד
טוט תפילה צו יעדן בוים.

ברינוא, 1962

## פון וואַלד צו וואַלד

□

פון איין וואַלד צו צווייטן איז ווייט —
וועלכער פוןביידע איז ווייטער ?
אין איין וואַלד ל״ג־בעומר געפּראַוועט,
אין צווייטן — געוואַרעמט דעם שייטער.

אין איין וואַלד די ביימער נאָך יונגע —
אין צווייטן פּאַרטריקנטע שטאַמען,
וואָס האָבן מיט אומעט געשראָקן
אויף שנייאיקע פעלדער, ווי ימען.

ראַמבויע, 1974

## דער ים

□

וויפל מענטשן טוען תפילה צום ים —
צו ווען דער ים זאָגט זיין תפילה ?
וויל דער ים, ווי דער מענטש אפשר גאָר
דאָס גלעטן פון ווינטן שטיל־קילע ?

און אפשר איז אַנדערש באַשערט :
דער ים וויל דאָס ברויזן און שטורמען ;
וויל דאָך דער מענטש אויך פאַרקערט,
זיך בויען נאָר בבלישע טורמען.

פון וואַנען ווער לערנט, פון ווען —
דער ים פונעם מענטש — צי פאַרקערט ?
נאָר איך זאָג מיין תפילה פאַר רו,
בעט גאָט מיינעם — ווערן דערהערט.

ניס, 1963

פאַר דער ליכטיקער שטאָט

□

ליכטיקע הייזער, אַ ליכטיקער ים,
קרויניקע פּאַלמעס — ליכטיקער שטאַם.
ליכטיקע גראָזן, ליכטיק די ערד.
ווער זענען די מענער מיט פינצטערע בערד ?

זון איבער שטיינער, זון איבער זיי.
— ווער זענען די מענער וואָס גרוי איז זייער ווײ ?
ליכטיקע הייזער, ליכטיקער ים.
— ווינט דאָ די פרייד מיט פיינען צוזאַם ?

ניס, 1963

## בלומען אויף מײַן פענצטער

□

פאַר י. יאַנאָסאָוויטשן, צו 70 יאָר

שטייט אויפן שמאָלן פענצטער אַ בלומענטאָפּ —
דער אָרעמער גאָרטן וואָס גרינט אין מײַן שטוב.
וויפל ווינטערס די בלומען געווען שוין פאַרשפּינט
אין גרויער אָפּגעבליטער דאַרעניש,
אַ נאַקעטער שטאַם — פּינצטער און בלינד.
נאָר ווען דער הימל ווערט בלוי
און דאָס פענצטער אין גאָלד —
מײַן גאָרטן בליט אויף מיט בלעטלעך צעגרינט.

קום איך יעדן פרילינג אויפסניי צוריק
צום ברייט צעצווייגטן קאַשטן־בוים,
ביים פענצטער פון טאַטע־מאַמעס היים,
וואו דער שיף־סמאָליקער דאַך
איז פול געווען מיט העלער שיין
און איבער דעם צעוואָלקנטן קוימען
האָט געקרייזלט זיך מײַן טרוים.

נאָר צי קען עס טאַקע זײַן
אַז דעמאָלט, שוין דעמאָלט
האָט אויפן בוידעם אַ גרויע שפּין
די נעץ פון אַ פינצטערער וואָר געשפּינט ?

שווערן אויף מיר די אייזיק־קאַלטע ווינטערס,
וואָס האָבן מיינע אַקסלען צו דער ערד געדריקט;
די שויבן פון מיין אָרעמער היים
מיט גרויער ליכט פאַרקאָוועט.
ביז פלוצים האָט מיין פענצטער אויפגעשיינט,
צעליכטיקט מיט אַ העלער זעאונג,
וואָס וואַרעמט מיט פרייד מיך ביז היינט.

ס'איז געווען אין אַ דינסטיק פרי־פרי,
נאָך קאָשמאַרן פון אַן ענגער נאַכט,
וואָס האָט איבער מיין מידן שלאָף געוואַכט —
האָב איך פלוצים די אויגן געעפנט
פון אַ שפּיזיק צעזוניקטן ברי.

אינעם גאָלדענעם ליכט אויפגעשיינט,
אויפגעהעלט מיט שטראַלן פון זון,
געזען כ'האָב אַ מענטש אינעם פענצטער
וואָס האָט מיין פרימאָרגן באַגריסט.

●

פון דעמאָלט ביז היינט — דער נעכטן איז ווייט,
טעג מיט נעכט האָבן זיך גרויע געלאָשן,
נאָר דער מענטש אין פענצטער האָט תמיד באַגלייט,
מיט וואָרענונג געוואָרנט, מיט מאָנונג געמאָנט —
צו וואַרטן, דערוואַרטן יעדן אויפשיין פון טאָג.

גלעט איצט מיין אויג דעם אַלטן בלומענטאָפּ,
וואָס האָט ווינטער'ס אַ סך אָפּגעדאַרט
און היינט, כ'האָב ווידער זיין פרילינג דערוואַרט.

## דער זילבער־האָרן

□

— פון וועלכן זילבער־האָרן וועט דער קאַרגער
טרינקען זיינע טראָפּעלעך ווײַן?

ניין, אָ, ניין!
ס'וועט דער קאַרגער נישט טרינקען פונעם זילבער־האָרן.
עס וועלן זויערן און זויערן די טראָפּעלעך ווײַן —
וואו וועט בלייבן דער זילבער־האָרן?

— פון וועלכער גילדענער שיסל וועט דער קאַרגער
עסן זיינע פּעדעמלעך פלייש?

ניין, אָ, ניין!
ס'וועט דער קאַרגער נישט עסן פון גילדערנער שיסל.
טריקענען, טריקענען וועלן די פּעדעמלעך פלייש —
וואו וועט בלייבן די גילדענע שיסל?

— אין וועלכע גערטנער גרינע וועט דער קאַרגער
חלומען זיין בלויען חלום?

ניין, אָ, ניין!
ס'וועט דער קאַרגער נישט חלומען זיין בלויען חלום,
ווייל דער בלויער חלום איז קיינמאָל נישט זיין —
ביי וועמען וועלן בלייבן די גרינע גערטנער?

לאָנדאָן, 1960

## אין קעניגס פּאַלאַץ



גרויסע, ליידיקע זענען די חדרים,
טרויעריקע קוקן די העלדן פון ווענט.
און זייער אומעט שווערט,
ווי דאָס אויג פונעם שומר,
ווי אונטערן גלאָז
די פאַרגליווערטע שווערד.

נאָר די פענצטער פון באַל־זאַל
מיט גאָלד־ליכטיקן אָפּשיין,
ווייזן פון דרויסן די ברוין־גרינעביימער
וואָס הייבן די קרוינען צום הימל
באַגלייט מיט פייגל־געזאַנג.

יענע וואָס זענען אַ מאָל דאָ געקומען —
שיכור זיי האָבן געטאַנצט זייערע טענץ,
דערנאָך אין באַהאַלטענע חדרים אַוועק —
און שפּעטער צו די ביימער אין וואַלד,
יעדער באַזונדער צו ווערן אַ בוים,
פאַרוויגט אין שטילקייט פון נאַכט.

דער קעניג, די קעניגין, די שרים,
ס'האָט איינער דעם צווייטנס תאווה געהיצט —
זייער אומעט ליגט איצט אַ שווערער
אויפֿן שומר וואָס היט די ליידיקע חדרים.

האָט דעמאָלט אויף זיי אויך דער אומעט געשווערט ? —
און אויף וועמען האָבן געשווערט דאָ די ווענט ?

זיי אַלע וואָס כ'זע איצט אין גלאָריע באַצירט —
די שיכורע שרים האָבן אויך וועג'ס געבענקט ?
האָט עמעץ פֿון זיי אַמאָל שטיל געוויינט ?

און דער קליינער קעניג אַליין,
אין זיין פּורפּורנער טראַכט —
די שאַרף פֿון זיין שווערד איז געבליבן
און וואו זיין געוויין ?

פּאָנטעבלאָ, 1977

## אין וואַגאָן



די זון פֿאַרגייט אויף איר פּנים.
זי ווערט שיין.
איר מויל, ווי ביי אַ נעגער — פּול.
רויטע פלעקן בליען אויף אירע ליפּן —
זי איז מיט זיך אַליין — — —

די זון פֿאַרגייט,
זי — עסט רויטע קערשן.
די ביימער פֿאַרן פענצטער
שפּרינגען ווי הערשן —
אונדזער צוג איילט,
איילט אויף ווייטע וועגן.

זי — שפּיזט מיט גרינע אויגן.
אירע ווייס ציטערן,
ווי אַ טיכל אין ווינט — — —
די נאַקעטע צייטונג אין מיין האַנט,
ציטערט מיט.

עמיץ וואָס זיצט נעבן מיר,
עסט אירע ליפּן מיטן בליק.
עס יערט זיין גליק.
ער — גלעט איר האַנט.
זי — האָט שוין אויפגעגעסן אַלע קערשן.

אונדזער צוג, איילט, איילט —
קומט צו ווייטע וועגן ;
מיר גייען אַרויס —
אַלע שפּאַרן זיך פֿאָרויס —
זי, עמיץ און איך.

די זון פֿאַרגייט,
די זון וועט אַוועק ווייטער —
מיר אויך.
זי וועט קומען צו אַ וואַסער —
מיר וועלן בלייבן ביים ברעג.

פּאַריז, 1958

## דאָס בלויע וואָרט

□

פאַר חיים ראַבינזאָן

וואו זוכן דאָס בלוי־בלויע וואָרט
נאָך וועלכן מיר בענקען דאָך אַלע.
דאָס קינד וואָס באַטרעט ערשט דאָס אָרט
און שפּעטער — אַ חתן און כּלה.

וואו זוכן דאָס בלוי־בלויע וואָרט,
ביי וועמען מען קען עס געפינען ?
פאַרנעפּלט, פאַרוואָלקנט בלייבט ס׳אָרט,
וואָס ווערט מיט בענקשאַפט פאַרשפּונען.

וואו זוכן דאָס בלוי־בלויע וואָרט,
וואָס וועט זיך מיט חלום באַצירן ;
דיך ברענגען צום ימיקן פּאָרט, —
וואו אַ שטערן וועט ווידער פאַרפירן.

וואו זוכן דאָס בלוי־בלויע וואָרט ?

פּאַריז, 1973

## מיין זיידע

□

### א

זיידע מיינער ליכטיקער,
זינגענדיקער דאַוונער,
בענטשנדיקער שליח־ציבור —
טרייסטנדיקער בעל־בטחון.

דיין וועלט איז געווען רייך
אין אַלע אָרעמע טעג פון דער וואָך,
וואָס האָבן געענגט מיט זייער יאָך —
נאָר אין דיר האָט געניגונט.

### ב

האָסט דעם הימל געזען בלוי —
און געבענטשט דעם מענטש.
האָסט דעם מענטש געזען גרוי —
און דעם הימל געבענטשט.

זיידע מיינער, זינגענדיקער דאַוונער,
וואו איז פאַרפאַלן געוואָרן דיין ניגון?

נאָר ס'איז יאָ דאָ דיין תפילה,
און אַ ליכטיקע — דיין בענטשונג —
פאַרן מענטש און דעם הימל,
וואָס אַ טרוימענדיק קינד —
מיט טריטעלעך שטילע —
צעטראָגט אויף צעריסענע וועגן.

ג

וועל איך עס דערציילן
אין אַ יום־טוב אויף דער נאַכט,
פאַר מיינע קינדער —
קינדס קינדער —
ביי געצונדענע ליכט
און אַ טיש אַ געדעקטן:
אַ מעשהלע פון אַ פאַסטוך —
אָן רינדער;
וואָס האָט אין טרוים אויסגעוואַרעמט —
זיין וואונדער;
אין אַ היים מיט אַ צעבראָכענער טיר,
נאָר תמיד מיט אַ ליכטיקן שיר,
אַ ניגון פון אַלע ניגונים.

זיידע מיינער,
זינגענדיקער דאַווענער —
ר' אהרן פיסטלזינגער.

פאַריז, 1972

דיין שפיגעלע מאַמע

□

איך שפּיגל זיך אַלץ
אין דיין שפּיגעלע מאַמע —
יעדעס מאָל ווען כ'הייב מיין האַנט.

אַלע פאַרשוואונדענע טעג —
פון דיר, ביז צו מיר —
זיי קומען פון נעפּל אַרויס.

עפן איך דאָרט ווייט
אַ פאַרהעמערטע טיר —
וואָס פירט פון מיר — צו דיר.

טו איך אויס מיינע שיך
און מיט באָרוועסע טריט
איך גיי אין שטוב אַריין צוריק — — —

פרעמד איז אַלץ דאָרט.
אויף מיין היימישן הויף
קיינער ענטפערט נישט.

ביים פענצטער אָן שויבן
אין מורא כ׳בלייב שטיין —
ס׳איז קיינער נישטאָ,
ס׳איז קיינער נישטאָ.

די בלומען־טעפּ, גאַרדינען,
אַלץ איז פאַרשוואונדן
נאָר איך בין צום פענצטער
מיט אַלע בלוטן פאַרבונדן.

●

היט איך דיין שפּיגעלע, מאַמע,
וואָס שפּיגלט אויף מיין האַנט.

בלייבט נאָענט דער וועג
פון דיר — צו מיר.
פון מיר — צו דיר.

פּאַריז, 1979

„**פּאַרטונקלטע פּרימאָרגנס**״. עפּן איך די בלעטער מיט אַ באַזונ־דער שווער געפיל — פאַרן אָנדענק פון יצחק טינאָוויצקי. דער קינסטלערישער באַצירער פון מיין ערשטער לידער־זאַמלונג, אַרויס־געקומען אין 1938. לידער פון אַן אויפגעציטערט געמיט, פול מיט אומרו און מורא, ווען עס האָט אויף אונדז געלויערט די האַנט פון אומברענג.

אַ פּעדאַנטישער גראַפיקער און אינטערעסאַנטער מאָלער איז טינאָוויצקי געווען. דער סאָציאַלער מאָטיוו האָט אים אַבסאָר־בירט. און קיין ירושה איז נישט געבליבן. אַלץ — פאַרברענט, אָדער פאַרפאַלן געוואָרן, צווישן הפקר׳ע חורבות.

אין וואַרשע איז טינאָוויצקי געקומען פון דער מינכענער קונסט־שולע. קיין לייכט לעבן נישט געהאַט.

אין ביאַליסטאָק, וואוהין ער איז אַנטלאָפן צו טאַטע־מאַמע, אין די ערשטע מלחמה־טעג — מיטן חלום פון דערלייזונג, וואָס ער האָט גענערט אין זיינע יונגע יאָרן — אין די ווינטער־טעג פון 1939 — 1940, אים שוין געטראָפן אַ פאַרביטערט־אַנטוישטן פון דער נייער ווירקלעכקייט.

וואו איז אַהינגעקומען אָט דער איידעלער מענטש? זיינע דינע צייכן-שטריכן פון עטלעכע וויניעטעס, מיט דער הילע, וואָס האָבן באַצירט מיינע „פּאַרטונקלטע פּרימאָרגנס״, קענען כאָטש געבן אַ קליינע אַנונג וועגן קינסטלער.










מ. וואלדמאן


# פאַרטונקלטע פרימאָרגנס

## לידער




פארלאג „הוסנער" ווארשע

1 9 3 8

## אונדזערע טעג

□

אונדזערע טעג רינען אָפּ — אין צער —
נאָך פּאַר פּאַרגאַנג.
אין אבילות איז געהילט אונדזער זיין.
היינטיקע נאַכט —
ווער וועט קומען פון אַ שוואַרצן העק? —
און ווער וועט בלייבן?
ווער וועט בלייבן?

מיינע אויגן זענען איינגעראַמט אין ווייטיק.
אַ שוואַרצע מחשבה פּיקט אין מוח,
ווי דאָס טיטוס־ווערעמל.
מיין האַרץ — צעפּרעסט —
גייט אויף אין קרענק,
ווי צו אַ תּפילה מיינע הענט,
וואָס בלייבן הענגען
פאַרקראַמפּט אין אַ פויסט.

שטום,
גרויע ליכט רינט איבער מיין פּנים,
מיינע אויערן אָנגעשפּיצט אין ווײ
זוכן דעם שאַרף פון אַ באַהאַלטן מעסער,
וואָס זוכט, אומעטום — מיין קאָפּ,
וואָס זוכט אומעטום — מיין קינד.
הײנטיקע נאַכט,
ווער וועט ווידער קומען פון אַ שוואַרצן העק?

שטום,
אין אבילות איז געהילט אונדזער זיין — — —

עמעץ גייט!
עמעץ גייט!
און ווער וועט בלייבן?!

וואַרשע, 1938

## איבער קברים

□

עס הוליען היינט שיכורים
איבערן קבר פון מיין זיידע,
פון מיין קליינעם ברודערל,
וועו אַמאָל האָבןביידע
שטיל און צאַרט געלעבט,
ווי דער פּאָך פון אַ טויבן־פּלאַטער.

אַ שוואַרצע האַנט שלעפּט מיך צוריק,
צום אור־ווילד, אין אור־וואַלד,
ווען דער מענטש — מיט געברום —
האָט געלויערט אויף מענטש ;
און נאָך אָט אַזאַ סעודה —
וואַנזיניק געטאַנצט אַרום פייער.

די ערד ציטערט אונטער מיינע פיס,
די לופט וויינט אויס אַ געוויין
פון מיין זעקס יעריקן ברודערל,
וואָס באַוויינט די שענדונג פון מיין זיידע —
און פונעם זיידנס געביין, וואָס וויינט
אויף דער שענדונג פון זיין קינד.

אָ, וואו זאָל איך מיין צער באַהאַלטן ?

וואַרשע, 1936

## שוואַרצער תהום

□

רויטע ליכט אויף מיינע שויבן,
גרינער אָפּשיין אין מיינע אויגן,
וועלפּישער פּאַרצופן
ברומט אין מיר אַ ליד.

האָב היינט דערבליקט דעם שוואַרצסטן תהום —
קאָשמאַר רייסט אויף מיינע אויגן מיט שרעק.

— וויפל זענט איר דאָרט געווען —
צעריסענע, מיט אינגעווייד אַרויס;
צעשפּאָלטענע מיט טריפנדיקן מאַרך,
וואָס רינט —
אויף אויגן פון אייער ווייב,
פון אייער קינד —
וואָס ווערן שטום,
וואָס ווערן בלינד.

ווּיפל זענט איר דאָרט געווען —
מיט אָפּגעביסענע, בלוטנדיקע אברים,
מיט אייטערנדיקע אויגן־לעכער,
וואָס וויינען אויס דעם שוואַרצסטן תהום,
וואָס וויינען אויס דעם פּיין פון דור.

האָב היינט דערבליקט דעם שוואַרצסטן תהום.
צעפּליקטע לייבער, ווי אויפגעריסענע רוי־ערד,
זיך וואַלגערן אין אייגענעם געוויין,
זיך וואַלגערן אין אייגענעם בלוט.
און עמעץ מיט פאַרבלוטיקטע הענט
און אַ קאָפּ — ווי אַ גיפטיקע שלאַנג,
שפּייט אויף זיי
מיט גרינעם פייער...

פאַרפרעגלען זיך אין פלאַם
אַ הויפן אָפּגעשאָבענע שאַרבנס.
צערייס איך מיין שטומען צער,
ווי אַ בליץ דעם הימל בעת אַ שטורעם
און פאַל צו דער ערד מיט יללה.
הייבן זיך ווילדע ברואים,
אַרום מיר אין טאַנץ
אין ווילדן טאַנץ,
אין חוזק־טאַנץ.

פלוצים טוט די ערד אַ ציטער. —
קין שטאַרצט אַרויס פון דער ערד
זיין גרויסע פאַרבלוטיקטע האַנט,
ווי אַ פייערדיקן דאָרן,
וואָס וואַקסט אַרויף, אַרויף,
אין דראָענדיקן
נ יי ן ..

ווִיקלט זיך אַרום דער האַנט
אַ שלאַנג
און חוזקט נאָך :
ניין !.. ניין !..

כ'האָב היינט געזען דעם שוואַרצסטן תהום.
מיינע אויגן ווערן פול מיט בלוט,
טיפער גרויל שניידט זיך איין אין מיין לייב
און מיינע ליפּן צוקן אין געוויין : נקמה...

גרינע ליכט אויף מיינע שויבן,
רויטער אָפּשיין אין מיינע אויגן,
וועלפישער פּאַרצופן
ברומט אויס אין מיר אַ ליד.

וואַרשע, 1936

□

די אומגעברענגטע קינדער
פון גואַדאַלאַכאַראַ, שפּאַניען

זייגער פאַרשטום,
ס'איז נאַכט.
רייץ נישט מיין ווייטיקדיק געמיט.
זע: צעבלוטיקט קינד,
קען נישט באַוויינען זיין וואונד.
צעריסן, צעפליקט —
נאָך אין מוטערס טראַכט
געוואָרן שטום.

זייגער פאַרשטום,
שטעל אָפּ דיין אומרו,
ס'וועקט זיך די טויטקייט.
זעסט? — צעבלוטיקט קינד
גייט אויף אין זיין וואונד,
און צעוויינט זיך אין רויטקייט
אַ געוויין פון דער שעה,
וואָס ברענט מיט אומקום!

זייגער פאַרשטום!

וואַרשע, 1935

אַנטלויף ניש...

□

כ'האָב היינט געלעבט אַ נאַכט
איינגעהילט אין שגעון.
עס האָט אַ מענטש געקוילעט
און אין פאַרשיכורטער פרייד,
געזשליאָקעט —
בלוט...

איז ער אויפגעלאָפן,
אין געשווילעכץ פון געלעכטער.
און ווי פון אַ קראַנקן פערד דער גאַווער —
פראַלט אים הנאה,
רינט זיין פאַרשיכורטע פרייד.

ליג איך אַ צעבלוטיקטער
און מיינע צעריסענע לעפצן
יאָמערן:
מענטש, אַנטלויף נישט מיט דיין רויב,
טראָגסט אין זיך מיין בלוט.

כ'וועל דיר פאָרגיין אויף דיינע וועגן —
צוימען דיינע טריט,
צונעמען דיין רו,

ביז ווערסט ווי אַ הונט, אַ קרעציקער,
פֿאַרטריבן ווערן אין וואַלד,
וואו פֿאַרסמטעביימער,
וועלן שלאָגן דײַן לײַב...

און די ערד —
אַ פֿאַרשעמטע מאַמע,
וואָס מען האָט קינדער
צעבלוטיקטע, צעפּליקטע, —
געוואָרפֿן אין איר טראַכט,
וועט דורשטיק נאָך נקמה
ברענען דײַן יעדן טראָט.

און די זון פֿאַרבלוטיקט פֿון שאַנד,
וואָס מען האָט צוגערויבט אירע זין
פֿאַר וועלכע זי האָט ליכט געזאַמלט
און פֿאַרלוירן דאָס ליכט
אין אַ פֿאַרבלוטיקטן ראָוו,
וועט אָנצינדן דײַן קאָפּ — אַ פֿלאַם,
און דײַן רעכטע האַנט —
פֿאַרברענען אויף אַש...

וועסט נישט געפֿינען דײַן לעבן אויף דער ערד,
און דײַן טויט אין דער ערד!...
דײַן גוף זאָל ווערן צו שטויב
און פֿון ווינט צעטראָגן
אויף טויזנט וועגן...

מענטש,
אַנטלויף נישט מיט דײַן רויב —
מײַן מענטשלעך בלוט.

וואַרשע, 1936

## ליד פון קליינעם „יום־טובל״

□

עס האָפּסלט מאַמעס אָרעם פון פרייד,
איר ברוסט ווערט פולער פון נחת:
אויף דער האַנט איר „יום־טובל״ — צעשמייכלט,
פרייט זיך מיט דעם אויפקום, מיט דער זון.

די נאַכט איז פול מיט שיינקייט,
גרויע אָרעמע קוואַרטאַלן
פאַרפולט מיט פרייד, מוזיק.
אויף דעכער קומען פייגל — גאַפן,
און האָפּסלען מיט אין טאַנץ.

הייבט „יום־טובל״ זיך איבער מאַמעס אַקסל,
אַ זינג־טון צו די פייגל, טון אַ רוף.
האָט אַ קויל איבערגעשניטן די פרייד...
ווערן פייגל אויס פייגל, —
און מאַמעס אָרעם
שווידערט אין בלוט פון איר קינד...

וואַרשע, 1937



ס׳וויינט די שענדונג
אַ קלאָג־ליד פון דורות,
פאַרגייען די גראָזן אין געוויין.
כ׳האָב מיין שטומע טרער
צוגעלייגט צום יאָמער,
אויפגעהאָנגען אויף אַ שטיין.

קומען שוואַרצע פויגלען
רויבן מיינע טרערן, —
דזשאָבען מיט די שנאָבלען אויפן שטיין.
ווערט דער הימל טונקל,
פאַרשעמט פון שאַנד און שענדונג,
און פאַרגייט אין געוויין.

וואַרשע, 1937

## פאַרטליהדיק קאָשמאַר־ליד

□

נאַכט פרעס אויף די שעהען!

די ווענט גייען זיך צונויף,
פרעסן מיינע שלייפן...
דער האָק איבערן קאָפּ
קראַצט און קראַצט אין מוח...

און אפשר גאָר אַ שפּין —
שפּינט דאָס ליד פון פאַרגיין,
דאָס ליד פון ניט זיין?...

נאַכט פרעס אויף די שעהען!

מאָרגן וועט אַ קראָ,
פרעסן מיינע אויגן.
מאָרגן וועט אַ קראָ,
פרעסן מיין האַרץ.
און מיינע פיס,
ווי איבערגעבראָכענע צווייגן —
וועלן באָמבלען אין ווינט.

בלויז דער בוים
וועט קרעכצן זיין געוויין: —
אויף זיין און נישט זיין,
אויף צו־פריען פאַרגיין...

נאַכט פרעס אויף די שעהען!

גרינט די נאַכט — אַ בעכער פול מיט סם — — — —
האַ,
כאַצקל.
פון וואַנען קומסטו אַהער?
ווער גרייט פאַר דיר אַ פעטליע,
וועלכער בוים וועט וויינען נאָך דיר? — —

●

עס האָבן זיך צעעפנט די ווענט —
אַזויפיל קומען זיי אָן,
ווי שוואַרץ־קריכנדיקע בערגלעך, —
פאַרמישפטע — מיינע ברידער,
— צו וואָס קומט איר? — — —

טרינקט די נאַכט מיין צער.
שוידערן אויף די שעהען מיין געמיט,
ווי אַ הרוג זאָל פרעסן
מיין צאַפלדיק לייב.
און כ׳וואַרט און וואַרט
דעם זייגערס לעצטן אויסקלינג —
שוין! — — —

נאַכט פרעס שוין אויף די שעהען!

וואַרשע, 1936

# נישט באַשערט

□

דעם אָנדענק פֿון חיים ראָסנערן —
אַ געפֿאַלענעם חבר אין שפּאַניע.

נישט באַשערט קיין פֿרייד, פֿאַרענדערט דעם טאַנץ —
שפּילט אויף נאָכאַמאָל דאָס ליד פֿון שטומען ווײ
און טאַנצט אַ טרויער־טאַנץ.

מײַן אינדערפֿרי הײַנט — האָט געלאַכט צו מיר מיט זון;
מײַן נאָכמיטאָג — באַטרערט איז פֿון צער...
אינדערפֿרי האָט מײַן שוועסטער אַ בוים פֿאַרזייט,
נאָכמיטאָג איז געפֿאַלן מײַן חבר אין דער ווײַט — — —

לאָמיר בייגן די קעפּ,
אײַנהאַלטן דאָס געשריי —
נאָר אויסוויינען דאָס ליד
פֿון אונדזער שטומען ווײ.

וואַרשע, 1938

## אַ ניגון



ס׳האָט נאַכט געטון אַ שפּיי,
געדיכטע פינצטערניש.
ציט ווער, ציט אַ ניגון...

— ווער זינגט עס אַזוי, ווער,
אַזאַ הייזעריקן טרויער?
שווייגט — אַרום, די מויער.

ברענט אַ ליכטל, וואו,
שטעכט שפּעט־נאַכטיקע שעה.
זינגט אַ מויד אויס — צער,
וואָס זוכט אַ וועג — אָנשפּאַר,
און קלאַפּט זיך אָן אין טויער.

פאַריגלט איז דאָס טויער,
פאַרשלאָסן אויך די שטוב...
ציען גרילן ווייטער דעם ניגון —
פאַרשלעפּערן די מויד,
טוען איר צער פאַרוויגן.

וואַרשע, 1936

1939

□

ווידער אויפֿן וועג אַ הרוג, —
אַ פֿערד אויסגעצויגן
אין פֿאַרשטומטן געוויין...
ווידער אויפֿן וועג אַ הרוג,
גלאָצן פֿערדישע אויגן,
גלאָצן פֿערדישע ציין . . .

ס'האָט עמיץ אויסגעיאָגט דעם וועג,
האָט נאָכגעפֿרעגט אַ שטיין:
„וואוהין אַזוי גיך?..."
האָט נאָכגעוויינט אַ שטעג:
„אַ שוואַרצער שליח..."

האָט דער עמיץ געאיילט,
געיאָגט,
און דעריאָגט —
נישט געהערט דאָס געוויין,
פֿונעם וועג, פֿונעם שטיין.

האָט דער עמיץ געאיילט,
געיאָגט,
און דעריאָגט —

בלייבט אַ פערד אויפֿן וועג
אין פֿאַרשטומטן געקלאָג...

הענג איך אַרויס מיין מאַנטל,
אַ שוואַרצע פֿאָן —
בליען דאָרטן אויף
צוויי זילבערנע טרערן.
קייקלען זיך די טרערן,
קייקלען זיך אַראָפּ,
ווי פֿאַלנדיקע שטערן —
וואָס פֿאַרגליווערן ביים זוים — — —

ווידער אויפֿן וועג אַ הרוג,
אַ פערד אויסגעצויגן
אין פֿאַרשטומטן געוויין...
ווידער אויפֿן וועג אַ הרוג,
גלאָצן פערדישע אויגן,
גלאָצן פערדישע ציין . . .

וואַרשע, 1939

## כ׳וואַרף דעם טרויער

□

כ׳וואַרף דעם טרויער צו מיינע פיס,
רייסט ער זיך צו מיינע אויגן.
פרעגט מיין גליווערדיקער בליק:
ווער פאַר וועמען וועט זיך בויגן?

כ׳וואַנדער דורך די טעג אין צער,
אין שטילן וואַרטן אויף אַ קומען
בליקט מיט קעלט צו מיר די גאַס —
פאַרלאָשן אַלע זונען?

קומט אַ טאָג — אין מיין וואַרטן —
דאָס האַרץ פאַרגיסט אַ שטומע פרייד:
פליסטער איך אַ לויב צו אַלע, —
דאַרף נישט קיינער מיין געבעט?

טרערט מיין אויג פון פרייד היינט פריידיק:
כ׳וועל זיך נישט פאַר קיינעם בויגן! — — — —
כ׳וואַרף דעם טרויער צו מיינע פיס.
רייסט ער זיך צו מיינע אויגן.

וואַרשע, 1935

## געבעט

□

הייליקע פון אַלע צייטן,
וואו זאָל איך שטאַרבן,
אַז מיין טויטן געביין
זאָל קיינער נישט שענדן
און דעם שטיין צוקאָפּנס —
זאָל קיינער נישט אַרבן?

אומעטום לויערט שענדונג.
ביי מיין צוקאָפּנס —
די האַק פון אַ ווילדן מענטש;
ערגעץ ווייטער, דאָ ווייט —
דער בראַנד פון אַ האַרמאַט.
אָ, וואו זאָל איך שטאַרבן?

וואו זיך אַהינטון? —
מיין טויטער געביין
זאָל קענען זיין פריי —
נישט צו ווערן וו'אַ שטיין
פאַרשעמט און פאַרמיאוסט
און פאַרוואָגלט אויף ערד,
וואָס ווערט איצט פאַרוויסט.

הייליקע פון אַלע צייטן,
וואו זאָל איך שטאַרבן?

וואַרשע, 1937

□

וואו זאָל איך גיין?
וואו זאָל איך גיין? —
ווען אַלע וועגן זענען פול מיט בלוט.
וואו זאָל איך זיין?
וואו זאָל איך זיין? —
ווען אַלע לעבנס דראָען מיך מיט בלוט.
כ׳בליק — אין חשכות —
אַלע מיינע בליקן אויס,
אומעטום איז נאַכט.

וואו איז מיין ליכט?

ליד מיינס,
זיי מיין ליכט.
באַלייכט מיר מיין גאַנג.
צינד זיך אָן ווי אַן עמוד־האש,
און צעהעל זיך, ווי אַ לייכט־טורעם.
פיר מיך: איבער אַלע וועגן,
איבער אַלע תהומען,
ביז צום וואונדערפולן־שיין!
ביז צום וואונדערפולן־זיין!

וואַרשע, 1936

אקאָרדן

□

א

קלינג,
קלינג,
קלינג,
קלינג אויס
די צוועלפטע שעה,
די שעה פון פאַרגיין!

●

אויף מיינע שויבן פלאַמט אויף
אַ רויטע שיין.

ב

איבער די חורבות פון דער שטאָט
איילט אַ מענטש,
איז זיין קערפּער אַזוי שטאַרק,
און זיין בליק
פאַר יעדערן אַ היילונג! —
פונוואַנען אַזויפיל רחמים
אין זיינע אויגן?

●

ווען ס'האָט געגרויט אַ נייער טאָג,
האָבן מיין מאַמעס פאַרפראַצעוועטע הענט,
געבענטשט דעם דערלייזער.

ג

ס׳גרינען די פעלדער מיט שפע.
מיין קליין ברודערל,
וואָס האָט געבעטן פרישע ברויט —
און נישט באַקומען...
געבעטן אַלטע ברויט —
און נישט באַקומען...
געבעטן אפילו חלה —
און אויך נישט באַקומען —
גייט היינט פון בייט צו בייט,
און גראָבט די פרוכט פון דער ערד ;
גייט פון בוים צו בוים,
און ס׳פאַלן אין זיינע אָרעמס,
גרויסע, גרויסע עפל.

ד

אויף די פינף פינגער פון דיין האַנט,
גלי אויס דעם הייליקסטן געבאָט :
מענטש ! —
ס׳מוז יעדער האָבן זיינע לוחות,
ס׳מוז יעדער האָבן זיין תורה.

וויפיל שיינקייט ס׳איז דאָ אינם וואָרט,
אַזויפיל זאָל זיין אין דיין לעבן.
נעם אויף דאָס וואָרט,
אַזוי פשוט און קלאָר —
און זאָל עס דיך מאָנען,
ביי יעדן אויפהייב פון דיין האַנט,
דעם שענסטן געזעץ —
מענטש !

וואַרשע, 1938

# פאַר מיינע קינדערסוועגן



געלע סעקשטיין

## מלאכימלעך מיינע

□

קליינע, צאַרטע מלאכימלעך מיינע,
ביי וועמען ס'וואַקסן ערשט פליגלען —
איר שטייט פאַר טירן מיט אָפענע ריגלען.

אייערע חלומות בלוי־קלאָרע, עפענען אַלע טויערן —
זיי שוועבן איבער מיר אין זיגזאַגיקע קרייזן,
ווען שויבן ווערן צעצונדן אין תכילת־קאָלירן.

יהודית, מיריעל־רחלע, עמנואלקע, דודל, יעל, בנימין —
ס'איז מיר גוט אויף מיינע צעשויבערטע וועגן,
וואו אומעטום באַגלייט איר מיך — אייער זיידן.

תל־אביב, 1978

## ווייסט איר קינדער



פאַר אַלע מיינע אייניקלעך

ווייסט איר, ווייסט איר, וואָס הייסט וואונדער,
ווייסט איר, מיינע קליינע קינדער?
אַז די אויגן ווידער זען —
דערציילן קען מען, וואָס געווען.

ווייסט איר, ווייסט איר, וואָס דאָס הייסט —
אַז מען שטייט, מען קוקט, מען ווייסט,
ווי די פעלדער ווידער בליען,
און קינדער פאַר די בלומען קניען.

גייט מען אינעם וואונדער־לאַנד . . .
— נעמט מיך, קינדער פאַר דער האַנט —
דאָס ערשטע מאָל, נאָך וויפל פיין,
איך דריי זיך מיט אין ראָד אַריין.

און געלעכטער, קינדער־שטימען:
— זעט נאָר, זעט נאָר, וואונדער קומען!
אויף דער ערד און אויפן הימל...
קינדער שטילט־זשע איין דעם טומל.

אויף אַ וואָלקן עמעץ רייט,
שאַלט מוזיק פון זיין טראָמפּייט;
און אויפן טייך דאָרט, מענטשן זינגען.
פליעסקענדיק אין וואַסער שפּרינגען.

זעט איר, זעט איר, אָט דעם וואונדער,
ס'איז פאַר אייך, פאַר קליינע קינדער —
פאַר דעם נס פון ווידער־זיין,
ווייזט דער טרוים זיך אַזוי שיין.

לאָדזש, 1946

## וואַקסן קינדער

□

אין די סעדער וואַקסן עפּל,
יעדער עפּל פול מיט וויין.
אין די שטיבער וואַקסן קינדער —
יעדעס קינד איז מלא־חן.

אין די וועלדער וואַקסן ביימער,
יעדער בוים — אַ גרינע קרוין.
אין די שטיבער וואַקסן קינדער
יעדעס קינד אַ בלויער טרוים.

אין די גאָרטנס וואַקסן בלומען,
יעדע בלום איז צאַרט און שיין.
אין די שטיבער וואַקסן קינדער —
לחיים קינדער, גרויס און קליין.

לאָדזש, 1947

## טאַטע און זון



דיין טאַטע, זון, גייט דיר אַקעגן
מיט אַ ליכטיקן שמייכל.
דאָס פייער וואָס האָט געפלאַקערט
אויף זיינע נע־ונדע וועגן
האָט זיין בטחון נישט פאַרברענט.

עס בריט יאָ אַמאָל דער טיש,
דער דאַרער שטול וואו ער זיצט ;
נאָר געשטאַרקט ער ווערט פון זיידנס וואָרט
וואָס דאַרף צום מענטשן זיין דערקענט.

מיט אַלע בראַנדיקע פיינען
וואָס האָבן צעשויבערט די טעג —
דעם זיידנס ליכטיקע ירושה
ווערט דורך שנאה נישט פאַרשטעלט.

ווען ס׳האָבן די שטיינער געברענט
און מיד איז שוין געווען זיין טראָט
ער האָט אַלץ נאָך משיח געזוכט
אויף אַ ליכטיק העלן וועג.

פאַריז, 1973

**מאַמע־בענקשאַפט**



רחלען

דער מאַמעס יום־טוב־טרוים באַזאַלצן ווערט מיט בענקשאַפט —
אַ ווייסע ראָסע אין אַ בלוי זילבערנער שיין.
דער יונגער טאָג באַשיינט די שויב און דאָס פענצטער
און פאַרשיכורט די מאַמע, ווי מיט אַלטן וויין.

קינד מיינס, קינד, ס'איז רייף דיין פולע יונגשאַפט,
ווי דער גרינער סאָד אינעם גאָלדענעם בלי.
צינדט אָן דיין טראָט די מאַמעס שטילע בענקשאַפט,
ווי דו וואָלסט געגרייט זיך צו אַ ווייטן פלי.

דערצייל איך איר דאָס מעשהלע פון ווייטע קינדער־יאָרן,
וועגן האַרץ־פאָדעם אַ מאַמעס, וואָס ציט און ציט.
און ווי ביז היינט דאָס מעשהלע איז נישט פאַרלאָרן,
בלייבט דיין מאַמע אין בענקשאַפט, וואָס גרינט און בליט.

פאַריז, 1960

## לידער פאַר אַרעלען

□

א. כ׳וואָלט גערן

כ׳וואָלט גערן דיך ווידער גענומען אויף פּלייצעס,
ווי דעמאָלט ווען ביסט נאָך געווען אַ קינד;
כאָטש איינמאָל אויסטראָגן די פריידן — אָן לייצעס —
אין לויף ווי צוויי הירשן, פאַרוועט מיטן ווינט.

די טרוימען וואָס כ׳פּלעג ביי וויג דיינער טרוימען,
זיי בליען און בליען — און בליען ביז היינט.
וויל איך די שעה פון פרייד נישט פאַרזוימען,
ווען יעדער דיין טראָט מיט ליכט איז באַשיינט.

כ׳וואָלט גערן דיך ווידער גענומען אויף פּלייצעס.

### ב. די אַלטע פּאַווע

דאָס ליד פון דער גאָלדענער פּאַווע
האָט פלוצים מיך ווידער דערמאָנט —
דעם פאַרביק צעפּעדערטן פויגל,
וואָס אין עמירס פּאַלאַץ דערקאָנט.

ווי ליכטיק געוועזן זענען טעג דאַן —
אויף אונדז נאָר די זון האָט געשווערט;
און דער פויגל, ווי מיר אַזוי אָרעם,
האָט דעם הונגער מיט חלום גענערט.

וואו איז איצט דער אָרעמער פויגל —
צי בליט נאָך זיין פאַרביקער עק?
כ'וואָלט גערן געבויט אים אַ שטייגל —
צו נעמען מיט זיך אויף מיין וועג.

וואו איז איצט דער אָרעמער פויגל?

### ג. אַן אייזל האָט געוויינט

אַן אייזל אין דער שטאָט, כ'האָב וויינען געהערט
אין אַ נאַכט, פאַרטונקלט, מיט ציטעריקע שטערן —
האָט אַ מורא געוועקט, די רו אונדז צעשטערט
אויף אַלע גאַסן פון צעריסענע וועגן.

האָט אַ פּליטים־קינד זיך פּלוצים געוועקט
און ווי דער אייזל גענומען וויינען, העשען;
צום הימל, ווי ליכט, זיינע הענטלעך געשטרעקט:
מאַמע! — רופט ער — און די שטערן זיך פאַרלעשן.

וואו איז די מאַמע אין דער נאַכט אָן שטערן?

ד. מזל־טוב

פאַר חנהלען

און אַ הויז וועט אויפגעבויט ווערן
צום זכר פון דיינע זיידעס.
דיין ברכה זיי וועלן היינט הערן
עס ווערן די הימלען אויך עדות.

זעסט ווי עס בליצלען די שטערן? —
דאָס גיבן זיי איצטער אַ צייכן:
די פעלדער — ס׳זאָל בליען דער קערן;
און שפע — זיין זאָל אין טייכן.

און אַ הויז וועט אויפגעבויט ווערן —
איבערן הויז — זיבן ליכטיקע שטערן.

אַפּריל, 1963

## זינגט אַז די שבת־ליכטער

□

נעם אויף זיך מיין בכור דעם עול,
די שבת־לייכטער אָנצוצינדן.
גוט־שבת זאָג, הויך אויפן קול, —
מיט דיין באָבע ווערסט געבונדן.

דעם שבת־כוס הייב אויף מיין בכור,
מיר וועלן קידוש־מאַכן ביידע.
זאָל דיר ווערן ליכטיק קלאָר —
די ברכה בינדט דיך מיט דיין זיידע.

פּאַריז, 1949

# טרעפ



מיין מרימען מיט איר אהרון

איך גיי איצט צו דיר אויף מאַרמאָרנע טרעפ,
די שיך נאָך אין שטויב פון צעריסענעם סטעפ,

וואָס גייט נאָך מיין טראָט, ווי אַ פאַרבלאָנדזשעטע צויג —
און וויינט אין די נעכט דורכן צער פונעם אויג.

נאָר שיין איז דאָס הויז וואו דו האָסט איצט דיין היים —
פוץ איך די שיך פונעם שטויב און פון ליים.

נישט צו פאַרגעסן חלילה, נאָר גיכער פאַרשטיין,
אַז דער צער ווי די שטויבן, וואַקסן אָן — ווי אַ שטיין.

גיי איך צו דיר איצט אויף מאַרמאָרנע טרעפ.

פאַריז, 1972

## יונגשאַפט

□

יהודיתן, מיין עלטסט איי‍ניקל

ווי גרין עס קען זיין דער פרימאָרגן
און ווי ליכטיק די זון איבער ערד,
ווען דיין טאָג איז יונג נאָך, אָן זאָרגן
און גאָטס ברכה אין אַלצדינג געהערט.

גאָטס ברכה אין סוד איז פאַרבאָרגן,
זיין צייכן איז שפּינוועביק דין,
דו זעסט אים אין שיין פון פרימאָרגן
דו הערסט אים אין זשום פון אַ בין.

נישט ווייט איז דער וועג צו די הימלען
ווען דו רייטסט אויף אַ גאָלדענעם שטראַל.
דיין וועג דו אַליין טוסט באַבלימלען,
ווען דיין פּנים וואַשט זילבערנער טל.

בענטש איך דיין טאָג, פול מיט פריידן —
די יונגשאַפט פון גאָלדענע טעג;
טו תּפילה — דיין צער צו פאַרמיידן
ווען חלילה אַ שטיין טרעפסט אין וועג.

פאַריז, 1973

□

פאַר מיריעל־רחלען

אַנטקעגן דער געבויגענער ווערבע פאַלן די קאַשטאַנעס.
— ווײנען די הענגענדיקע בײטשן איבער מײנע האַרבסט־טעג?

אַלע בײמער זענען גרינע נאָך, מיט גאָלדענע פלעקן.
— ווײנען די בײמער אויך ווען זײ גרײטן זיך צום בלי?

וועל איך אַרויסקלײבן פונעם גראָז די ברוינע קאַשטאַנעס —
אײנע און אַ צווײטע אויף זילבערנע פעדעם אויפֿציִען,
וועלן זײ שפּעטער אויף קינדערשע העלדזער אויפֿבליִען.

באַלד וועל איך אַוועק צו מײן אויסגעבענקטער הײם
און אַוועקפירן פאַר מײנע אײניקלעך די ברוינע קאַשטאַנעס
אויפגעצויגן אין שײנענדיקע רעדער — די בײטשן קאַרעלן.

וועט עס אַ פרײד זײן פאַר מײנע קינדס־קינדער?
פון העלדזער וועלן שײנען די ברוינע קאַשטאַנעס
מיט דעם ליכטיקן גלאַנץ פון זײער קינדישן בליק.

וועלן זיי זיך אַרומנעמען אַלע אין אַ רעדעלע־טאַנץ,
דעם פאַרגרויטן זיידן אַריינגעמען אין מיטן —
און האָפּסען און האָפּסען און טאַנצן פון גליק.

אַן אָנגעטרונקענער פון זייער קינדישער פרייד
כ׳וועל אַוועקשפּאַנען שטיל צו מיין מאַמעס ליידיק הויז —
דער חלום פירט מיך תמיד דאָרטן ווייט — — —

דורכן אָפענעם פענצטער מיט צעבראָכענע שויבן
איך וועל אַריינשוועבן אין טאַטנס סוכה אַריין —
דאָרט הענגען די פאַרגעלטע לאַמטערנעס, ווי נר־תמיד׳ס.

וועל צוזאַמענעמען די נאָך הענגענדיקע בייטשן קאַרעלן —
די קאַשטאַנעס וואָס האָבן געבליט הינטער מיין פענצטער
און געלאָזט כ׳האָב זיי הענגען אַמאָל שיינענדיקע —
מיט דער שיין פון מיין בליק ווען כ׳בין געווען אַ קינד.

און אַז כ׳וועל קומען צוריק פון מיין ווייטער נסיעה
כ׳וועל זיך אַוועקזעצן אויף אַ בענקעלע פון האָלץ —
מיינע צעשמייכלטע קינדער וואָס וועלן טאַנצן אין ראָד —
כ׳וועל דערציילן דאָס מעשהלע פון מיין אויפגעלויכטענעם סוד.

דיוואַן, 1975

דאָס ייִנגל לייענט דעם „זיידן"
□

פאַר מיינע אייניקלעך, מיט ליבשאַפט

דאָס ייִנגל עפנט דאָס גרויסע בוך
און קוקט דאָרט נייגעריק אַריין,
ער רייבט די אויגן... — אַ גרינע טוך
האָט אויסגעשפרייט זיך ווי אַ פליין.

אַ "קוף" האָט זיך אַ צי געטאָן,
לייגט אויס אַ וועג זיך אין דער הויך,
אַ „לאַמעד" שטעלט זיך אויס ווי אַ האָן —
אַ שפרינג, אַ דריי, פאַרשווינדט ווי רויך.

שפרינגען, שפרינגען אותיות, —
ס'ווערט פון גרינעם טוך — אַ פעלד...
עס בלייבן נאָר די „מעם" און „כעס"
וואָס האָבן זיך אין שפיל פאַרשטעלט.

„מעם" — אַ כישוף — ווערט אַ ביידל,
אַ קליאַטשע ווערט די „כעס" — ווי שיין!..
וויאָ ! גיכער, בידנע פערדל,
דער וועג איז גרויס און דו ביסט קליין.

דעם ייִנגלס אויגן קוקן ווייט,
צוויי שטערן לייכטן אין דער נאַכט.

אין ביידל זיצט דער „זיידע", ברייט —
אין אַלטע ספרים שטיל פאַרטראַכט.

„מסעות בנימין" ער דערציילט,
און ס'הערט מיט „קאָפּ" דאָס קלוגע פערד;
אַ האָז האָט צו דער בויד געאיילט,
די שיינע מעשה צוגעהערט.

קומען בילדער אויף, ווי אַ נס —
אַ וואַלד מיטביימער אויסגעשטעלט...
פלוצים אויס דאָס פערד — אַ „כעס",
דאָס גרינס האָט זיך אין ווייס צעהעלט.

אַ שאָד די מעשה האָט אַ סוף —
דאָס לעצטע בלעטל אויסגעלייענט.
דער וועג צעשפּרייט, — צוריק אַ „קוף"...
דאָס פּנים ביי דעם יינגל שיינט.

דאָס בוך האָט זיך אַליין פאַרמאַכט,
ס'ווערט דאָס שטיבל קלענער, קליין;
בלייבט דאָס יינגל שטיל פאַרטראַכט
און זעט די „קליאַטשע" אַלץ נאָך גיין.

לאָדזש, 1947

## מיין זיידע ר׳ אהרן פיסטלזינגער

□

### א.

כאַ — כאַ  כאַ — כאַ ! —
ווי מיט שדים־געלעכטער,
שרעקט דער חוזקער
פון קינד ביז אַלט.

לעבט דאָס שטעטל אין אַ מאָדע,
ווער עס וואוינט, אַ יעדן איינעם,
מ׳טוט אַ צונאָמען — צוקלעבן.
איז אונדזער לץ,
ר׳ כאַצקל „שפּרינגער״.
ווער קען נישט אָט דעם „שפּעטער״ —
רעדט־אויס; לאַכט־אויס.
„פאַר בייזע צינגער.
טפו, טפו״ —
שפּייט אויס אַ יידענע אין זיין זייט,
ווען ער אַ חוזק־שפּאַס איר טרייבט.

האָט ר׳ כאַצקל, אונדזער לץ,
פאַרטשעפּעט אויך מיין זיידע —
כאָטש געווען זענען ביידע
די בעסטע גוטע פריינד.
און וואָלטן זיי געלעבט —
אפשר נאָך ביז היינט.

ב.

אין יענער צייט מיט יאָרן,
שוין לאַנג געווען די צייט.
ווער ס׳איז דאַן אַ קינד געווען —
זענען אַלע היינט שוין גרוי,
איבער פרעמדע לענדער פאַרשפּרייט.

דעמאָלט האָבן ביידע,
ר׳ כאַצקל און מיין זיידע,
אין זאָרגן פאַר אָרעמער עדה,
צום לעבן געבראַכט —
חלומות שוין פון יאָרן —
די „הכנסת־כלה״.

קאָכט דאָס שטעטל
און עס ווייסן אַלע,
גיין דאַרף מען צום גבאי:
„ס׳אַ ייד אַ האַרציקער, אַ גוטער,
דערצו אַליין אַן אָרעמער פאָטער —
ר׳ אהרן „פּיסטלזינגער״.

אָט דאָס, אָט דאָס דער נאָמען איז,
צוגעטשעפּעט פון אַלטן „שפּרינגער״.

ג.

אַ ייד פרי גרוי און אַ דאַרער,
בייגט די פלייצע זיך ווי אַ האַלבע לבנה.
ס׳האָט דער דלית אים געדענקט,
קלעפּט דאָרט זיין מתנה.

אַ ייד אַן אביון ר׳ אהרן,
דערצו אַ בעל־מטופל —
ס׳האָט זיין ווייב אים געשענקט
אַ פולע שטוב — פערצן קינדער.

— „אָן עין־הרע.
זיין אַלטע הענדל־שרה,
ט׳אַ גאָלדענעם בויך.״ —
האָט געזאָגט ר׳ חנניה,
אַ ייד אַ לערנער,
וואָס ס׳שמעקט פון אים מיט רויך.
„צוועלף בנים, ס׳אַ גרויס׳ס״ . . .
איז דלית אָבער גרעסער,
אָנצופולן פולע פעסער.
האָט זיין ווייב הענדל־שרה,
אַ קייט פון הונגעריקע יאָרן,
באַגלייט אים שטענדיק :
— „פאַר אַ ריינע כפרה . . .״ —
ווער קען דערציילן וויפל מאָל ?

— ״ס׳זאָל אַראַן אין וויסטעניש,
באַגראָבן ווערן אין אַ טאָל״ —
האָט ר׳ אהרן שטיל געטון אַ זיפץ. —
„נישט פאַר זינד. נישט פאַר זינד.
זאָל זיין געבענטשט זיין ליבער נאָמען —

און מיט נאָגנדיק־שטילע ווערטער
געפּרוּאווט פּאַריאָגן איר ברומען:
— עט, נישט בייזער זיך הענדל־שרה,
און וויפל, זאָג מיר,
האָסט שוין מער מיט דיין כפרה? —
ס׳עט משיח באַלד קימען,
עט בעסער זיין,
ס׳עט זיין.״

און ווידער מיט אַ ניגון,
ער טוט זינגענדיק אַ רוף:
— מיכעלע, דו קליינער! —
איי איז דאָס אַ זינגערל, אַ פיינער —
קום לערנען זינגען אויף ימים נוראים,
ביסט אַריין אין מיין ״קאַפּעלע.״

ד.

אין די „הייליקע טעג״
פלעגט ר׳ אהרן אין בית־מדרש דאַווענען.
שמועסט דאָס שטעטל:
„אַ גליק פאַר הערערס אַהרנס אַ תפילה״.
און עס דערמאָנען אַלטע יידן,
נאָך ביז היינט:
„זיין נעילה —
ט׳געעפנט דאָך די הימלען!..״

פלעגט ר׳ אהרן פאַרן עמוד שטיין,
שמייכלענדיק זיין ליכטיק פּנים,
ווייל אַרום, די גאַנצע „קאַפּעלע,
אַזאַ נחת, אַלע — זיינע בנים:
— זינגערס וואָס פאַרכאַפּן דאָס אויער.

זייער זינגען ? — איי, איי, איי, —
נשמהדיק. האַרציקייט.
— ווי גלעקלעד וואָלטן זיך צעקלינגען.
— עס מאַכט פאַרגעסן אין אַלע צרות, —
און מען טראָגט זיך ווייט אַוועק
פון בית־מדרשער מויער...

טוט ר׳ אהרן דרייסט אַ קלאַפּ אָן,
אין די שערי רחמים — אויבן אָן,
וואו עס זיצט דער מלך מלכי המלכים —
און פאַלט צו מיט זיין געוויין.
קוילערן זיך פאַרן שטול פון האַר
אַזויפיל זילבערנע טרערן.

— „אל רחים וחנון ! —
דאָס איז מיין שפייז געווען אַ יאָר . . .
און אונדזער עדה — טאַטע זיסער —
איז אָן ברויט, אָן געקעכטס,
האָסט געניג אינץ שאָין געשטראָפט —
נעם אַוועק דאַין קללה״ —

און בית־מדרש׳ס מתפללים
צעשרייען זיך אַ יללה . . .
— „בין איך געקימען בעיטן פאַר אַלע
און הער אויך דאָס שטילע בעיטן
פון מיין אישה, הענדל־שרה —
עס זאָל מקוים ווערן :
די טאָכטער פאַר אַ כלה. ״

ה.

איבער דער שטאָט יאָגט אָן
אַן אומהיימלעכער זאַוויי.

די פליגלען פון דער ווינט־מיל,
וואָס איילן, איילן אין געדריי
וויינען אויס דעם טויטס געשריי
און בלייבן פלוצים שטום —
צעבראָכן און צעדרייט . . .

האָט דאָס שטעטל זיפצנדיק
שטיל געלאָזט אַ טרער.
גיט מען איבער זיך מיט טרויער:
— ! . .
— ווער גאָר, ווער ?
— ר' אהרן פיסטלזינגער געשטאָרבן . . .

●

אַ טאָג פון שבט. ס'שנייט, אַ קעלט,
אין פראָסט איינגעטוליעט איז די וועלט.
האָט מען ביים גראָבן אַ קבר
אַ פולן טאָג פאַרבראַכט;
און די לוויה איז געווען
שוין שפעט אויף דער נאַכט.

האָט די נאַכטיקע פראָסט
געצופּט אַ יעדן אבר.
און ביי קינדער ווינט דער צער, —
ווי די פראָסט עס בייסט דער ווייטיק:
„פאַרן טאַטן אַ קבר ? ! . . "

צעטראָגט זיך אַ שטילער כליפּען
אויף פראָסטיקן בית־עולם.
קלאַפּט זיך אָן אין לופט
די עוולה פון יתומים.

קלינגט אָפּ די נאַכט אין שטומען ציטער:
„ר׳ אהרן פּיסטלזינגער? —
נישט גוט, נישט גוט.
עס ווערט אַן אָרעמע שטאָט פאַריתומט . . .״

בלייבט אָן ענטפער ס׳געשריי פון דער נאַכט,
בלייבט אָן ענטפער דאָס געוויין פון קינדער . . .
און קאַלט, געפרוירן, קוים רירנדיק זיך, זאַכט,
פאַרשיט אין צער — דער קברן אונדזער טאַטע.

אָזאָרקאָוו, 1928

## איך וואַרט אויף דיר, מיין קינד

□

פאַר רחלען מיט מרדכין

דו ביסט אַוועק געגאַנגען מיין קינד
צו זען די שטיינער פון גאָטס שטאָט —
וועלכעס ליכט וועסטו ברענגען פון דאָרט?

דער וועג וואוהין דו ביסט געגאַנגען,
פאַר דיר איז אַ ווייטערער ווי פאַר דיין זיידן —
כאָטש זיין פוס האָט דאָרטן קיינמאָל נישט געטראָטן.

וואַרט איך איצטער אויף אַ טאָג פון וואונדער:
— ווי דיין זיידן באַשיינט האָט דאָס ליכט פון גאָטס הויז —
זאָלסט קומען פון גאָטס שטאָט מיטן ליכט פון באַוואונדער.

פאַריז, 1972

## שבת אויף אַ וועג



ביי אַ שבתדיקן טיש דו ביסט געווען,
אַ שבתדיקע גאַס דו האָסט שוין געזען,
נאָר וואָלסטו געווען איצטער מיט מיר,
ווען עס פאַלט די זון אין ים אַראָפּ
און איבער שמאָלע היגלען ציען שאָטנס,
ווי שעפּסן זאָלן קריכן אויף די בערג —
וואָלסט שיינקייט געזען פון קדושה אויפן וועג.

אַלצדינג ליגט אין רו,
דאָס הויז און דער בוים —
אַזאַ גאָלדענע רחבות אַרום.
שבתדיק שמייכלען די פעלדער צו מיר
און די שטילקייט זינגט : לכה דודי —
וואָס דיין זיידע האָט נישט דערזונגען.

נאָר פּלוצים פאָרט עמעץ פאַרביי.
— פרעמדער, הער זיך איין אין דער תפילה,
אין דער שלווה פון פעלדער און שטעגן.
פּרואוו נישט צעשטערן די רו,
ווען דער שבת רוט אויף די וועגן.

ווי שיין מיין קינד, ווי שיין
עס זענען שבת־ליידיקע וועגן —
איז אַ שאָד וואָס ביסט נישט מיט מיר.

עין־הוד, 1976

אשתורי הפרחי

□

ס׳האָט דער חלום פון יהודה הלוי
געברענגט דיך אַהער פון ווייט —
דעם זוניקן לאַנד אין פּראָוואַנס.
דאָרטן האָסטו וויינגערטנער געלאָזן
צו גיין דאָ איבער מדבר־וועגן —
שטויבן געפינען פון אַלטע צייטן.

היינט בין איך געקומען דאָ אַהער,
אויף אַ גאַס וואָס טראָגט דיין נאָמען
און מיטגעברענגט די ליכטיקע בליקן,
די שמייכלען און וואַרעמע קושן
פון מיינע קינדער, קינדס־קינדער —
דאָ בויען אַ היים פאַר מיר,
און פאַר זיי אַן אָפענע טיר.

טראָג איך אַוועק אין מיין שטוב,
ברויט מיט זאַלץ —
כ׳וועל וואַשן מיינע הענט
און בענטשן דיין נאָמען,
וואָס כ׳האָב היינט ערשט דערקענט.

תל־אביב, 1976

## צו בלויער וואָר

□

איך קוק אַריבער צום טאָג
פון מיין ערשטן ליד,
אויסגעפּאַלן אין שפּעט־יאָר —
פון אַ ווייסן שניי.
ערשטע פרייד פון ערשטן זאָג,
וואָס שיינט און וואָס גליט,
מיט גרויער וואָר — צו בלויער וואָר —
אין אויפבלי פון מאַי.

דעצעמבער, 1972

## יענע בערג

□

יענע בערג וואו דו ביסט אַמאָל געגאַנגען
זענען מער נישטאָ — פאַר מיר נישט, ווי פאַר דיר —
און דאָרטן האָסטו גאָטס שיינקייט דערקענט.

יענע בערג וואו דו ביסט אַמאָל געגאַנגען,
סטערטשען ווי מצבות פול מיט אימה —
און הינטער יעדן באַרג אַ שרפה ברענט.

יענע בערג וואו דו ביסט אַמאָל געגאַנגען,
וועלן מער נישט ליכטיקן פאַר אונדז —
כאָטש דאָרטן האָסטו גאָטס שיינקייט דערקענט.

נאָכקלאַנג

ווען וועלן מיר, ווען, אונדזערע בערג געפינען,
צו קענען גאָטס שיינקייט דערקענען —
ווען ?

פאַריז, 1974

## ת פ י ל ה



אָ ברענג מיך גאָט,
צום חלום־לאַנד פון רו —
כ׳זאָל נישט הערן שטומען קרעכץ
אין יעדנס שטילע רייד.

אָ ברענג מיך גאָט,
צום חלום־לאַנד וואָס דו
האָסט אויסגעטרוימט —
אין ערשטן טאָג פון פרייד.

פּאַריז, 1953

## אקאָרד


אַז פֿאַרלאָשן עס זאָל נישט ווערן דער שטערן,
דאָס ליד וועגן שטערן האָט דעם שטערן געהיט.
אַז מען זאָל דאָס פֿאַרבאָרגענע ליד ווידער הערן,
זיינע הענט האָט אין פֿייער דער דיכטער געגליט.

פּאַריז, 1980

# אַ באַגלייט־וואָרט

□

## א

עס זענען אַריבער מערער ווי פערציק יאָר, ווען ס׳איז אַרויס מיין ערשטע לידער־זאַמלונג. גלייבט זיך טיילמאָל נישט: — שוין אַזוי פיל יאָרן? באַגלייט אָבער אַ צווייט געפיל, וואָס רודערט אויף דאָס געמיט: דאָס איז דאָך שוין אַזוי ווייט צוריק. דעמאָלט ווען מיר האָבן געלעבט אין גאָר אַן אַנדערער וועלט.

איז שווער צו געפינען אַ נאָמען. אָפּט איז עס שווער. עפּעס דאַרפן דאָך פאַרענטפערט ווערן אַזויפיל אַנדערשדיקע, זיך קעגנשטעלנדיקע איבערלעבונגען, וועלכע זענען אינעם ליד אויך פאַרוועבט. ליד — געבוירן אין משוגע־לויפנדיקע טעג און צייטן. איבער פרעמדע ערטער און אומהיימלעכע פייסאַזשן. קלימאַטן. אויף וויפיל קאָנטינענטן אפילו. און אויך אוישוויץ אין אַ קאָנטינענט.

וואו געפינט מען אַ פּאַסיקע באַצייכענונג, וואָס זאָל נישט זיין קיין אַבסטראַקטע צוטראַכטעניש. ווען אין די לידער ווערן איינגעשלאָסן תקופות, אינעם לויף פון די יאָרן פול מיט אויפברויז. אַ וועלט אין פאַרגיין און אַ וועלט אויך וואָס גייט אויף.

דאָס בוך וואָס האָט שוין געזאָלט דערשיינען פריער, איז אין לידער געדרוקטע מיט יאָרן צוריק אין זשורנאַלן, געווען דערמאָנט — „פאַרפרוירענע שטערן״. אָבער ווי מעג מען עס אַזוי באַטיטלען, ווען איך בין אויפגעלעבט געוואָרן פון אַ גרויסער געשעעניש. פון אַ נייערווירקלעכקייט — ישראל. און פאַראַן לידער פון אָט דער ווירקלעכקייט, וואָס גיט פרייד, מיט זאָרג — און גלייכגעוויכט.

מיינט עס — „פון אַלע ווייטן״ — געבן אַ רמז כאָטש וועגן אַ יידישן נעוונד־גאַנג. פון מערב אויף מזרח, ביזן ווייטן צפון. און פון דאָרט — ביזן ווייטן דרום, וואָס די מידקייט פון דאָזיקן גאַנג פילט זיך נאָך ביז היינט. אַ רמז וועגן דעם שטורעם, וואָס האָט אַ יידן פון פוילן אַרויסגעריסן פון זיין היים, פון וועלכער עס איז אַ באַרג שטויבן געוואָרן. אַוועקגעריסן פון אַלע נאָענטסטע, וועמען ער האָט שוין מערער נישט געזען. אַלע, יונגע נאָך, פאַרלוירן זיי אויף אייביק. אויף אַזאַ טראַגישן אופן. אַ רמז אויף דעם ווערן פאַרוואָרפן ביז אַ ווילדעניש פון זיך שליסנדיקע וועלדער, וואו קיין מענטשלעכער טראָט האָט לאַנג־לאַנג נישט

געטראָטן. איין פאַרגרעסערט, ריזיק־טונקעלער וואַלד, איבער וועלכן עס האָבן געלויכטן „פאַרפרוירענע שטערן".

דער שטורעם האָט פאַרשלעפּט ביז אַ ווייטעניש, נאָענט ערגעץ פון נאָרד־פּאָל, וואו געזען אַ ווייסע לאַנדשאַפט אין אייז־קלעם פון אַן אַכט־חדשימדיקן ווינטער, וואו אין די שניי־אַנשיטן געקענט פאַרלוירן גיין.

געדאַכט האָט זיך דעמאָלט, אַז אַלע, מיט מיר צוזאַמען, זענען געקומען צום ראַנד פון דער וועלט. דאָך, איז אויך דאָרטן דער בטחון נישט פאַרפרוירן געוואָרן.

און דווקא אין יענע מקומות איז די זון אַזוי פאַרביק־שיין אויפגעגאַנגען און פאַרגאַנגען. איז דאָס אַ טרייסט געווען. דאָס האָט געהאָלפן אויפהייבן דעם מידן קאָפּ צום הימל. אויסגלייכן דעם מיד־געבויגענעם רוקן.

## ב

דאָס בוך וואָס איך באַגלייט אין וועג אַריין, נעמט אויך מיט דעם אָטעם פון יענער צייט — אַריינגעאָטעמט אין אַ צווייטער צייט. נעמט מיט דעם קלאַנג פונעם גאַנג, וואָס אַ היימלאָזער איז געגאַנגען, איבער וויסטענישן, ווייטענישן, וועגן וועלכע מיין טראַכטעניש איז קיינמאָל דאָרטן אַהין נישט געקומען.

און נישט איין מאָל דערפילט דעם גיהנום־ברי — אין קעלט ווי אין היץ. געזען מערער ווי איין מאָל די גרויליקע בילדער, ווען עס זענען אַוועקגעפאַלן אַזוי פיל נאָענטע. אַ סך. אַ סך. אויך פרעמד־אומבאַקאַנטע — נאָענט־געוואָרענע דורכן בשותפותדיקן גורל. דורך דעם אומגליק וואָס האָט פאַרקניפּט און פאַרפלאָכטן.

בין איך מער ווי איין מאָל געווען ביים ראַנד. אָט צו פאַלן. דעמאָלט האָט די האַנט פון מיין ברודער נעבן מיר, מיך אונטערגעכאַפּט. און דעמאָלט איז מיין פיין און מיין צער אויפגעבונדן געוואָרן מיט אַ תפילה — „לאָמיר גיין איבער־בעטן די געטער".

וויפיל מאָל ביז היינט, ווערט פלוצים — פול אַרום מיר מיט דעם קרעכץ פון אַ היימלאָזן „ביעזשעניעץ" — אַ פאַרשיקטן — ערגעץ אין אַ פאַרוואָרפענעם העק, ביים ברעג פון דעם ברייט־צעלייגטן „וויטשעגדע־טייך", אינעם דאָרף אוסט־ווים. אַ דאָרף אַזאַ מיט אָרעמע, שווייגנדיקע מענטשן, וואָס ליגט אין דעם ווייטן, צפונדיק־קאַלטן „קאָמי"־לאַנד. וויפיל מאָל קומט עס אויף פלוצימדיק אַזאַ דין־דינער געוויין פון אַ „ביעזשעניעץ", ערגעץ, אין אַ ביינאַכטיק טונקעלן ווינקל פון אַ בלינד געסל — אַ טופּיק — אין דער אַלטער שטאָט בוכאַראַ, וואָס ליגט אין זוניק־העלן אוזבעקיסטאַן.

וויפיל מאָל ביז היינט, ווערט אויפגעלעבט יענער „לעצטער גאַנג", ביים באַ־גלייטן דעם נאָענטסטן, וועלכן מען האָט איבערגעלאָזט אויף אַ פּאַריתומט פעלד וואו שאַקאַלן וואָיען אין דער נאַכט אַריין זייער אומהיימלעך וואָיענדיקן געוואָי.

## ג

אָבער מען מוז זיך גופא צוריקרופן פון יענער טרויעריקער וואָר. מיין יינגס־טער ברודער איז אַ סך ווייטער געווען. ער האָט מערער גרוילן געזען. מערער פּיינען אויסגעטראָגן און שווערער דעם אומגליק געפילט. ער איז אַדורכגעגאַנגען דעם פייער־טויער פון אוישוויץ־גיהנום.

דאָרטן אַהין — אויף אַ טויטן פּלאַנעט — בין איך שפּעטער אויף קבר־אבות געגאַנגען.

צער איך אויף דעם געלאָזטן היגטער זיך. בענטש אָבער דעם גורל וואָס האָט אָפּגעראַטעוועט מיין ברודער, מיט אַנדערע, אונדזערע אַלעמענס אָפּגעראַטע־וועטע ברידער צוזאַמען. ער איז אַרויס מיט זיי צוריק פונעם אוישוויץ־טויער. זיין גבורה — די ירושה פון אונדזערע טאַטע־מאַמע — צו קענען זיין אַ מענטש אויך „דאָרט" וואו די ערד האָט געבערענט — שטאַרקט מיך. גיט באַנייטן כוח צו גלייבן אין דעם ביסל בטחון, וואָס איז פאַר יעדערן פון אונדז אַזוי נייטיק. אויך בכדי דער בטחון זאָל חלילה נישט פאַרלאָשן ווערן. זענען מיר דאָך אין אַ נייער תקופה, וואָס פאַרבלענדט מיט ניי־אָנגעצונדענע פייערן, ווען „עס שרעקן די בליצן".

## ד

אָבער פון וועלכער צייט אָנגעהויבן זענען די שורות וואָס באַגלייטן מיך? אפשר איז ריכטיקער צו פרעגן: פון ווען אָן האָב איך זיך פאַרחברט מיטן ליד, וואָס ברענגט פאַר דער ליכטיקער שיין — מיין טראַכטעניש, פילן און איבער־לעבן. פון וועלכער צייט אָנגעהויבן, צוזאַמען געשפּאַנט פון טעג, אין די נעכט אַריין, בכדי אויפצולעבן און אויסצולעבן די אויפגעציטערטע שעהן פון מורא'ס און צער'ק. אָבער טעג אויך — באַגלייט פון „פריידיקע מינוטן".

ווי, חלילה, ווען דאָס ביסל פרייד וואָלט נישט געווען. אויף וועלכן אופן וואָלט עס מעגלעך געווען אַ גלייכגעוויכט? ווי אַזוי געקענט שפּאַנען איבער אַ זיגזאַגיקן וועג? ווי אַזוי אָטעמען אפילו? ווי אַזוי זינגען פון אייגענעם ווייַ־ און

פֿרייד־ציטער, ווי פֿון פֿרעמדן ווײ און אויך צער. אויך טרויער אַמאָל. שוין אָנגעהויבן דעמאָלט, ווען איך בין נאָך אַ ייִנגל געווען. פֿון דרײַצן יאָר. און דעמאָלט דערזעען דעם ערשטן אויפֿלויכט פֿון אַ ליכטל — מײַן קיינמאָל נישט פֿאַרעפֿנטלעכט ליד אין פּראָזע אויפֿגעשריבן. וועגן אַ ייִנגעלע וועמען עס רופֿט אַ פּיאַנאָ־ניגון, וועלכער קומט פֿון אַ ליכטיק־וואַרעמער שטוב. הינטער אַ פֿאַרמאַכטן לאָדן אין אַ פּראָסטיק שנייאיקן אָוונט, זיך אײַנגעהערט אין די פּיאַנאָ־קלאַנגען וועלכע קומען פֿון דאָרט. געהערט — און פֿאַרפֿרוירן געוואָרן.

אָט אַזוי האָט דער דרײַצן־יעריקער אָנהייבער אָנגעהויבן. און פֿאַרוואָס מיט מוזיק פֿאַרבונדן? און פֿאַרוואָס געפֿרוירן געוואָרן? אַ סך מאָל זיך אַליין געפֿרעגט וועגן דעם.

## ה

מיש איך אַ בלעטל נאָך אַ בלעטל פֿון מײַנע „פֿאַרטונקלטע פּרימאָרגנס״, וואָס דאָס ביכל איז אָפּגעראַטעוועט פֿון דער ביאַליסטאָקער „שלום־עליכם ביבליאָטעק״. צוליב אַ צופֿאַל וואָס איז געוואָרן פֿאַר מיר־אַ נס, האָט עס מיטגעוואַנדערט אויף מײַנע וואַנדערונגען, ביז „קאָמי״ און בוכאַראַ; ביז אין לאָדזש צוריק און ביז פּאַריז, און תּל־אָביב, און ירושלים.

קומען אויף פֿון דאָרט יענע שווערע, פּײַנפֿולע טעג פֿון אומרואיק־שרעקיקע נעכט פֿון די סוף דרײַסיקער יאָרן. ווידער דערפֿיל איך די אָנגעהיצטקייט פֿון דער גאַס, וואו כוליגאַנעס קומען מיט צעיושעטן האַס אין זייערע אויגן — און מיט פּאַלקעס און מיט אײַזנס, וועלכע זיי לאָזן פֿאַלן איבער ייִדישע קעפּ. זיי קומען מיט שטעקנס, וואָס האָבן זשילעטקע־מעסערלעך פֿאַרפֿעסטיקט, וועלכע שנײַדן, נישט בלויז די שוואַרצע כאַלאַטן פֿון צעשראָקענע ייִדן — נאָר זיי לאָזן, מיט אויפֿגערייצטע שנאה די שטעקנס אויך פֿאַלן אויף פּנימער פֿון ייִדן וועלכע ווערן פֿאַרגאָסן מיט בלוט.

כ׳בין אַליין איינמאָל געווען דער קרבן פֿון אַזאַ פּנים־אל־פּנים־„באַגעגעניש״. ווען אַ ייִד, אַ שכן מײַנער, האָט דווקא אויך צוריק־צעבלוטיקט עטלעכע כוליגאַנעס. אויף מײַן הויף איז עס געשען.

און מײַן פֿאַרבעטענער גאַסט דעמאָלט, דער דיכטער מענדל נייגרעשל, וועלכער איז געקומען קיין וואַרשע פֿון ווין — ער האָט שוין פֿון דעם אָרעם־מאָלצײַט אין מײַן שטוב, נישט טועם־געווען. אויפֿגעשוידערט איז ער געוואָרן פֿון דער

אויפגעהויבענער האַנט איבער מיר. אַ ביסל שפּעטער נאָר, האָט שוין אַן אַנדערער כוליגאַן אים געטריבן פון זיין „קולטורעל"־צעזונגענעם ווין.

קומען אויף אַזוי פיל שווערע איבערלעבונגען פון וואַרשע. פון לאָדזש. פון מיין שטעטל אָזאָרקאָוו.

צוליב דעם אַריינגענומען אַ קליינעם אָפּקלייב פון יענע לידער אין „פּאַר־טונקלטע פרימאָרגנס". לידער, וועלכע ברענגען צוריק דעם אומרו און די שרעקן און די גרוילן. ווען עס האָט שוין געלויערט די האַנט פונעם אומברענגער.

אָבער אין דער געשפּאַנטקייט ביים פאַרענדיקן דאָס בוך — אַלע לידער שוין אויסגעזעצטע — אַנגעשריבן דאָס ליד „בער שנאַפּער". א חבר־פּאָעט. פלוצים איז דאָס ליד אויפגעקומען. נאָר עס ווערט מיר פאַרשטענדלעך די פלוצימדיקייט. דער פאַרוואָס? עס ווערט פאַר מיר גופא פאַרענטפערט, די תמיד־באַגלייטנדיקע פּרעגעניש, וועגן יענער צייט פון שפּאַנונג און אומרו: צי זענען מיר געווען וואַך אויף דעם געשעענעם?

נישט נאָר דער איינער פּאָעט אַליין בלויז, האָט זיך דעמאָלט געראַנגלט מיט דעם אומרו. דער רוב יידישע פּאָעטן אַזוי. ביי דעם איינעם איז נאָר פאַראַן די שאַרפקייט פון איבערטראַכטעניש. פון מעדיטאַציע וועגן „אַ שטעקן" וועלכער פאַלט איבער אונדזערע קעפּ. אָבער דער רוב פּאָעטן האָבן דאָך געלעבט מיט די וויזיעס פון אַ שוואַרצער נאַכט, וואָס האָט אונדזער טאָג פאַרטונקלט.

וויפיל זענען זיי געווען, וואָס זייער ליד איז געבליבן אָנגעזאַפּט מיט טרויער. געבליבן פול מיט דעם אויפגעברויזטן אומרו, אָנגעשפּיצט דאָס אויער צום „שאַרך פון אַ באַהאַלטן בעסער".

וויפיל זענען זיי געווען, די יידישע דיכטער, וועלכע האָבן זייערע מורא׳ס אין תפילות אויסגעזונגען? מיט וועלכער „דינקייט" האָבן זיי עס אָפּגעפּילט די שווערקייט פון דער צייט אין זייערע אויפגעציטערטע שורות. פון וועלכע ווייטענישן האָבן זיי בילדעריש אַרויסגעברענגט די טראַגישע זעאונגען, וועגן אַ וועלט שוין אַרומגענומען מיט שטעכיקע צוימען. פון אַ ווירקלעכקייט, וואָס האָט שוין גע־לאָזט זען די פייערן געצונדן אויף אַלע וועגן — וועלכע וועלן פאַר אַלעמען פאַרשטעלט.

אין טיפן צער דערמאָן איך זיי אַלעמען. די ייִנגערע ווי די עלטערע יידישע דיכטער, וואָס זייערע זעאונגען, אָנונגען איבער אַ טראַגיש־שווערער תקופה, איז אָבער פון ווייניקע דעמאָלט געוואָרן דערזען. פון ווייניקע דערהערט געוואָרן זייער קול פון וואָרענונג.

און זייער קול איז שפּעטער פֿאַרשטומט געוואָרן. צו אונדזער צער ווערן אַ סך פֿון זיי אויך אינגאַנצן ווי פֿאַרגעסן.

ו

ביים אָפּקלייבן די לידער פֿאַר אָט דער זאַמלונג, בין איך געגאַנגען נאָך מיינע וואַנדערונגען און וואָגלעניש — אויף צוריק. ביזן יאָר 1928, ווען כ׳האָב אָן אַכצן־יעריקער, וועלכער האָט נאָך נישט געהאַט די „חוצפּה״ צו שיקן עפּעס אין אַ רעדאַקציע, אָנגעשריבן אין מיין טאַטע־מאַמעס היים — דעמאָלט נאָך אַ זו־ניק־באַהעלטע — שוין גאָרנישט קיין צעזוניקע באַלאַדע וועגן יידן. „ר׳ אהרן פּיסטלזינגער״, האָט מען אים גוטמוטיק גערופֿן. צוליב זיין קול נגינה. אַ ייד אַ ליכטיקער, וועלכער האָט זיינע אָרעמע טעג מיט אַ ניגון באַגלייט. זיין ניגון. פֿון אים אויסגעצחלומט און האַרציק־מתיקותדיק אויסגעזונגען. אַ ייד פֿון טיפֿן בטחון און פֿון זעלטענער האַרציקייט, וואָס מיין אומגעבראַכטע מאַמע האָט גע־ירשנט פֿון זיינע מעלות.

יונג איז ער אַוועק פֿון דער וועלט. אַ זעקס יעריק יינגל האָב איך זיך דע־מאָלט צעוויינט. געוואָרפֿן אויף דער ערד, אויסצופּועלן, אַז מען זאָל, אין דעם פּראָסטיקן טאָג פֿון חודש שבט, מיך מיטנעמען, מיט דער משפּחה צוזאַמען, אַ באַ־גלייטער פֿונעם זיידנס לעצטן וועג. כ׳האָב דעמאָלט גאָרנישט באַנומען די טראַ־גישקייט פֿון געשעענעם, נאָר מיך האָט געצויגן די נאָענטקייט צום זיידן. די ליב־שאַפֿט וואָס ער האָט פֿאַרפֿלאַנצט אין מיר, מיט זיין וואַרעמען בליק. מיט זיין גלעטנדיקער האַנט. מיט דער וויסער בולקע, וועלכע ער האָט ערגעץ געקריגן פֿאַר מיר מיט מיין ברודערל, ווען מיר זענען געווען אין די הונגער־טעג פֿון דער ערשטער וועלט־מלחמה.

דער זיידע האָט נישט זוכה־געווען צו דעם נחת, וועלכע צוויי פֿון זיינע זין, האָבן שפּעטער יאָ געגעבן דער משפּחה. זיין בכור, דער נאָוועליסט וואָלף געל־באַרט, וואָס האָט אין דינע שטריכן אויף געצייכנט דעם טאַטנס געשטאַלט. אין דער נאָוועלע „אַ פֿאַרשטערטער ערב יום־כּיפּור״. מיין מאַמע, אַ יונג מיידעלע, איז דאָרטן אַ העלדן. איר פֿאַלן איבער דעם שוועל פֿונעם זיידנס אָרעמער היים, מיט דער בראָט־פֿאַן, געברענגט פֿונעם בעקער לכּבוד דער יום־טוב־סעודה — האָט נעבעך אַרויסגערופֿן אַ בייזן אויסגעשריי פֿון דער באָבע. איז פֿאַרשטערט געוואָרן די געבענטשטע רו פֿון דעם ערב יום־כּיפּור, פֿאַר כּל־נדרי.

דאָס געשעענע איז יאָרן שפּעטער געוואָרן דער סוזשעט פאַר דער נאָוועלע פון פּעטער וואָלף.

דער זיידע האָט נישט זוכה געווען צום נחת פונעם יונגערן זון זיינעם, מי־כעלע. דער שפּעטער באַקאַנט געוואָרענער קאָמפּאָזיטאָר ביי יידן — מיכל געל־באַרט, פון די באַקאַנטסטע יידישע מוזיקער. ער האָט נישט דערלעבט צו הערן די האַרציקע ניגונים, וואָס זיין זון האָט געשאַפן, צו די ווערטער פון אַלע וויכטיקסטע יידישע דיכטער. אַ סך אפשר פונעם זיידנס נישט־אויסגעזונגענע געזאַנגען האָט דער זון געטראָגן אין זיך.

איך דערמאָן ביידע פּעטערס, ווייל נישט ווייניק האָבן זיי מיך משפּיע־געווען — צו פאַרמעסט. ווי אַ יינגערער ברודער זייערער, ישראל־יהושיע, מיין לערער פון יידיש. מיין מורה־דרך אין לעבן אַריין, וואָס האָט מיך נענטער פאַרבונדן מיטן בוך, ווי מיטן ניגון. יהושיע האָט אין לאָדזשער געטאָ באַוויזן צו דערפרייען יידישע הערצער, מיט די ניגונים, וואָס ער האָט פאַר זיי געזונגען. מיט דעם כאָר וואָס ער האָט דאָרט אָנגעפירט.

פאַר וואָלף געלבאַרט אוודאי טראָג איך אַ באַזונדער דאַנקבאַרקייט. מיט אַ געפיל פון פרייד — האָט ער מיין ערשט ליד אָפּגעדרוקט. ער איז עס געווען דער פאַרבינדער מיינער מיט דער „פילאַדעלפיער יידישער צייטונג". דאָס איז געווען נאָכן קומען צוריק פון מיין ערשטער רייזע אין דער גרויסער וועלט אַריין. — פאַריז, בריסל, אַנטווערפּן. וואו כ'האָב אַ סך חדשים נישט ווייניק הונגעריקע טעג געהאַט. „ליד פון אַ פאַרזינדיקטן" איז געווען מיין דעביוט — דעם 31־טן דעצעמבער 1932.

ז

און אָט קום איך איצטער, אַ גרויער ייד שוין, וועלכער נעמט צונויף זיין „האָב און גוטס", אַ טייל כאָטש פון די לידער, יאָרן־לאַנג געדרוקטע אין צייטונ־גען און זשורנאַלן, — איינגעזאַמלט אין אַ בוך.

נישט ווייניק חברים שרייבער האָבן געמאָנט, געמוסרט אפילו. טיף דאַנקבאַר בין איך זיי אַלעמען, מיינע גוטע פריינד. צום באַדויערן זענען אַ טייל פון די מאַ־נערס שוין נישטאָ. כ'וועל נישט הערן מערער זייער וואָרט, ווי זיי האָבן דאָס גע־טון בעתן דערשיינען פון די לידער.

פון 1938 ביז היינט, נישט אַרויסגעגעבן קיין לידער־זאַמלונג. אויסער דעם

אַלבאָם — די פּאָעמע „גאַנג אַרויף צו ירושלים״ — אין 1976. ס׳איז אַ שפּאָרער מהלך.

ווייל איך זאָגן וועגן דעם עטלעכע ווערטער: נייך, כ׳האָב מיין צייט אומ־זיסט נישט געפּטרט. אַלע יאָרן פון מיין אָפּגעראַטעוועט לעבן. זינט דעם מאָמענט ווען כ׳בין געקומען צוריק פון ראַטנפאַרבאַנד קיין פּוילן, כסדר געטאָן. געהאָלפן בויען אָדער אַליין אויפגעבויט אינסטיטוציעס. און אַלדאָס טון, מיט איין ציל — המשך. געווינען דעם יונגן דור. צוליב דעם אויך אַרויסגעגעבן אין פראַנצויזיש דאָס בוך „ה. לייוויק — פּאָעט יידיש״. בכדי די אָפּגעפרעמדטע, ווי לחלוטין פרעמ־דע, זאָלן דערקענען אונדזער יחוס.

ווען אין די יידישע שולן פון פּוילן האָט מען אין 1946 געלערנט מיט די תלמידים פון צייטונגען — ווייל קיין לערן־ביכער, כרעסטאָמאַטיעס, זענען נישט געווען — איז אַ חוב געווען, פאַר די קינדער צו זאָרגן, און באַזאָרגן זיי מיט אָפּ־געקליבענע טעקסטן פון דער קלאַסישער ליטעראַטור, ווי אַרויסברענגען, אינס־פּירירן אַפילו אונדזערע לעבן־געבליבענע שרייבער, צו שאַפן פאַר דער שול פּאַסיקע נייע טעקסטן.

און מיט 33 יאָר צוריק, סוף 1946, האָב איך אונטערגעטראָגן פאַר אונד־זערע אָפּגעראַטעוועטע קינדער — אויך פאַר מיינע צווישן זיי — דעם ערשטן העפט „לאָמיר קינדער לערנען״. מיט וויפיל חלום דאָס איז דעמאָלט געווען באַ־גלייט. העלפן זיך צוריק באַנייען. העלפן די יונגע אַריינקומען אין אונדזער וועלט.

פאַר מיר איז דאָס אַ זכיה געווען, ווען דורך די דאָזיקע העפטן זענען די קינדער פאַרבונדן געוואָרן מיט דעם פאַרשוואונדענעם יידישן נעכטן און דעם אויפגייענדיקן היינט.

און וואָס פאַראַ פריידיקע סאַטיספאַקציע אויך שפּעטער געהאַט.

בעת מיין ערשטן באַזוך אין ישראל, ווען אָנגעקלאַפּט און געעפנט אַ יידי־שע טיר אין דעם נייעם טייל פון באר־שבע, האָט אַ יונגע פרוי מיך דערקענט אַ דאַנק דער שול־אויסגאַבע „לאָמיר קינדער לערנען״.

## ח

האָב איך וועגן דעם נאָר דערציילט צוליבן פאַקט וואָס מיין בוך קומט אַרויס ערשט אין 1980, אַנשטאָט 1947. כ׳האָב עס דעמאָלט אויך געקענט באַ־וויזן. נאָר לחלוטין אַנדערש וואָלט עס געווען. אַ געוויין נאָר פון צער. פון טי־

פער דערדריקטקייט. כאָטש אין 1946 איז שוין געווען אָנגעשריבן „דאָס ערשטע ספר" וואו מיין רבי רופט: „ס'איז די צייט צו ווערן צוריק נתגלה". צום אויפ־שטעלן זיך פון דער שבעה און נעמען אויף זיך נייע עולן פון שאַפן.

אין יענער צייט וואָלט שוין געווען דאָס ליד „ערב אויפשטאַנד", וואו עס באַגעגענען זיך „דער אַלטער גרייז, אליהו" מיטן שומר, וועלכער רופט מרדכי'ן פון וואַרשעווער געטאָ, צו דער גרויסער מרידה. אָבער דאָס ליד „מיין מלכות ישראל", געשריבן צו דער היסטאָרישער געשעעניש פון מדינהשאַפט, וואָלט דעמאָלט אין אַזאַ זאַמלונג נאָך נישט אַריינגעקומען.

קום איך ערשט איצטער מיט אַ לידער־אַפּקלייב פון די אַלע תקופות — ערב דעם גרויסן בראַך, וואָס איז אונדז געשען; לידער פון אַ פאַרביטערטער וואָר, אונטער „פאַרפרוירענע שטערן", געשריבן בעת דער מלחמה; אין „קאַמי" און אין בוכאַראַ, ווי שפּעטער אין רעטראָספּעקטיוו. לידער געשריבן אין פּוילן, וואָס די אָפּטיילונג טראָגט דעם טרויעריקן, טראַגישן נאָמען „פאַריתומטע מצבות".

פרעג איך זיך גופא: איז עפּעס פון דעם אַלעם איבערגעלעבטן דאָמינירנדיק אין מיין שפּעטערן שאַפן? — יאָ. אַפילו אין דער פּאָעמע „גאַנג אַרויף צו ירו־שלים". וואו עס קומט צום אויסדרוק מיין חלום, גענערט פון מיין טאַטעס און דעם זיידנס חלום. גענערט מיטן חלום אויך פון די יידן פון אוזבעקישן בוכאַראַ. גע־נערט פון מיין מאַמעס איינוויגנדיק ליד „אונטער יאַנקעלעס וויגעלע", ווי פון „ראָזשינקעס מיט מאַנדלען", וואָס זינגט אין מיר ביז היינט.

## ט

זיבעצן יאָר האָב איך געבענקט נאָך פּאַריז. די שטאָט האָט פאַר מיר אַנטפּלעקט וועלטן. דער עיקר — די וועלט פון בילד. פון קינסטלערישן בילד. נישט נאָר אין די מוזייען, אָדער אַטעליעס, נאָר אין די גאַסן איבער וועלכע עס קומט אויס צו פאַרבייגיין אָדער פאַרביילויפן.

איך געדענק דעם רושם פון מיינע ערשטע באַזוכן אין „לאָוווּר", וואו דער סקולפּטאָר נחום אַראָנסאָן האָט מיך, מיט אַ גרופּע צוזאַמען, געפירט צו זען — און געגעבן זיינע דערקלערונגען — מיר זאָלן פאַרשטיין.

ניין, איך געדענק נישט וואָס ער האָט געזאָגט, אָבער ער, דער ערשטער, האָט אויפגעוועקט מיין אינטערעס, וואָס איז שפּעטער געוואַקסן. און מיך דער־

געװענט צו די װערק פֿון מײַסטערס, ספּעציעל די אימפּרעסיאָניסטן, און אַװדאי צו אונדזערע ייִדישע קינסטלער.

דערפֿון אפֿשר דער רעזולטאַט פֿון דער אָפּטײלונג „אינעם שפּיגל פֿון קינסטלער". װי פֿון דער לידער־סעריע „דער מענטש פֿון ליים".

און דערפֿאַר אױך די רעפּראָדוקציע־באַצירונגען, אױף די בלעטער װאָס עפֿענען די צװעלף אָפּטײלונגען אין מײַן בוך.

אָבער דער מײַן איז נאָך אַן אַנדערער אױך. געװאָלט ברענגען צום אױס־דרוק די פֿאַרערונג צו די אַלע קינסטלער, נאָענטע פֿרײַנד, און צװישן די רע־פּרעזענטירטע קינסטלער, זענען פֿיר אומגעקומען בעת דעם גרױסן חורבן. פֿישל רובינליכט, הענריק שערער, געלע סעקשטײַן און י. טינאָװיצקי.

י

בײַם פֿאַרענדיקן די שורות פֿון באַגלײט־װאָרט, װילט זיך אױסדריקן אַ װאַרעמען דאַנק צו די אַלע װעלכע האָבן געהאָלפֿן אַז דאָס בוך זאָל דערשײַנען. איך בין טיף געריררט פֿון דער באַציאונג, װאָס עס האָבן מיר אַרױסגעװיזן חברים שרײַבער, װי אינסטיטוציעס אין ישראל. פּונקט אַזױ אױך — גוטע פֿרײַנד, יחידים אין פּאַריז.

אָן דער דאָזיקער הילף װאָלט נישט מעגלעך געװען דאָס בוך זאָל אַרױס־קומען אין דער װעלט אַרײַן.

און איך האַלט עס פֿאַר אַ זכיה, אַז דאָס בוך קומט אַרױס פֿון „ה. לײװיק־פֿאַרלאַג" אין תל־אביב, װאָס דער ייִדישער ליטעראַטן־ און זשורנאַליסטן־פֿאַרײַן אין ישראל האָט ערשט לעצטנס אָרגאַניזירט.

אַ דאַנק אײַך טײַערע קאָלעגן, גוטע פֿרײַנד, װאָס איר האָט מיר געגעבן די דאָזיקע זכיה. מײַן ליבשאַפֿט און פֿאַרערונג פֿאַר דעם דאָזיקן גרױסן פּאָעט־דראַמאַטורג, איז געקומען עטלעכע מאָל צום אױסדרוק.

און איך פֿאַרצײכן מײַן טיפֿע צופֿרידנקײט, װאָס דאָס בוך װערט געעפֿנט מיט אַן אַרײַנפֿיר־װאָרט פֿון פּראָפֿעסאָר דב סדן. דעם פֿון אַלעמען באַװאונדערטן, אומעטום געשעצטן שרײַבער אין אונדזערע בײדע לשונות — העברעאיש ו'ייִדיש. מײַן דאַנקבאַרשאַפֿט פֿאַר דער ברײט־אַרומנעמענדיקער אַרבעט, װעלכע האָט מיר געבערענגט װאַרעמקײט און פֿרײַנדשאַפֿט.

פּאַריז, אדר תש"מ — 1980

# א י נ ה אַ ל ט

## ציינד־אָן אַ ליכטיקן פּאַקל



## פאַרן שפּיגל פון קינסטלער

## מיט לייוויקן אויף בולוואַר מאַזשענטאַ

**קלענער ווערן די בערג**



**עפן פערציק טויערן**

**געזאַנג אויף מײַן טיר**



**זון יענעם װאָס האָט הײנט געטרוימט**

## פאַרטונקלטע פרימאָרגנס



## פאַר מיינע קינדערסוועגן

רעפּראָדוקציעס צו די אָפּטיילונגען:

## ביכער פון מחבר

1938 פאַרטונקלטע פרימאָרגנס — וואַרשע
1976 גאַנג אַרויף צו ירושלים — פאַריז
1976 ז. שרעטער, איינער פון מאָנפּאַרנאַס — פאַריז

## צוזאַמענגעשטעלט און רעדאַקטירט

1961 100 יאָר שמעון דובנאָוו — פאַריז
1963 ה. לייוויק־זאַמלבוך — פאַריז
1967 ה. לייוויק — פּאָעט יידיש (פראַנצויזיש) — פאַריז
1979 אריה שמרי לזכרון — פאַריז
1961 שמעון דובנאָוו (פראַנצויזיש) — פאַריז
1963 מאָריס ראָזענפעלד: (פראַנצויזיש) — פאַריז

## פאַרטרעטן אין אַנטאָלאָגיעס

1948 נתן גראָס: פּיעשן אָ איזראַעלו (פּויליש) — לאָדזש
1966 הובערט וויטט: דער פידלער פאָם געטטאָ (דייטש) — לייפּציק
1971 צווייטע אויפלאַגע — האַמבורג
1963 משה בסוק (באַסאָק): מבחר שירת יידיש (עברית) — תל־אביב
1963 אירען קאַנפער: לע ליטה בריזעי (פראַנצויזיש) — פאַריז
1968 צווייטע אויפלאַגע — פאַריז
1967 משה קנאַפּהייס: אויפשטאַנד — בוענאָס איירעס
1967 שמואל ראָזשאַנסקי: יידיש אין ליד — בוענאָס איירעס
1968 נחמן מייזל: י. ל. פּרץ אין דער יידישער דיכטונג — תל־אביב
1969 הובערט וויטט: מיינע יידישען אַוגען (דייטש) — לייפּציק
1971 אברהם זאַק: פּליטים צווישן פייערן — בוענאָס איירעס
1971 שאַרל דאָבזשינסקי: לע מירואַר ד׳ען פּעפּל (פראַנצויזיש) — פאַריז
1976 יוסף פּאַפּיערניקאָוו: ירושלים אין יידישן ליד — תל־אביב
1978 שמואל ראָזשאַנסקי: מערב־אייראָפּעאיש — בוענאָס איירעס

אין די טעג פון חודש אדר תש״מ, ווען דאָס בוך איז פאַרענדיקט צו דער דרוק־מאַשין — מיין פריינדלעכן דאַנק פאַר י ו ס ף ש ע כ ט ע ר, דעם באַלעבאָס פון דער דרוקעריי. איך שעץ זיינע באַמיאונגען, אַז יעדעס יידיש בוך ביי אים, ווי מיין איצטיקע לידער־זאַמלונג, זאָל אַרויסקומען וואָס מערער אָפּגעהיטן און גראַפיש שענער.

מיין דאַנק פאַר י ה ו ש ע ז יי ד מ אַ ן, וועלכער האָט מיט פריינד־לעכער אָפּגעהיטנקייט, אויסגעזעצט אַ גרויסע טייל פון די לידער.

---

און מיט אַ געפיל פון צער דערמאָן איך דעם פרי־פאַרשטאָרבענעם נ פ ת ל י מ י ל נ ע ר, וועלכער האָט זיין אַרבעט אָפּגעהיטן ווי א מלאכת־הקודש. שוין אַ פענסיאָנירטער, האָט ער פרייוויליק געמאַכט

דעם מיזאַנפּאַזש — אויסגעבויט די זייטן ביזן לעצטן ליד.

אַ סך חדשים שפּעטער ווערט דאָס בוך ערשט פאַרענדיקט.

---

געדרוקט אין פאַריז

Imprimerie IM.PO.
65, rue du Fg-St-Denis, 75010 Paris

M. WALDMAN

# FOUN ALE WAYTN

## *DE TOUS LES LOINTAINS*

Poèmes

Edition H. LEIVICK - Tel-Aviv
Edité à Paris, 1980